נ. קרופסקאיא





# לענינ דער רעדאקטער און אָרגאַניזאַטער פונ דער פּאַרטייִשער פּרעסע






מ״פ וו ייִדסעקטער
מינסק 1932

נ. קרופסקאיא

# לענין—

## דער רעדאקטער און אָרגאניזאטער פון דער פארטייִשער פרעסע

קריש—גאָלדשטיין

מעלוכעפארלאג פון װײַסרוסלאנד
ייִדסעקטער

1932 מינסק

# די לעגאַלע און אומלעגאַלע פּרעסע.

ווען מיר ריידן וועגן לענינען דעם רעדאַקטער, אינטערעסירט אונדז, פאַרשטייט זיך, לענין ניט ווי א רעדאַקטער ביקלאַל, נאָר לענין ווי א רעדאַקטער—א פּאַרטייער, א רעדאַקטער—א קאָמוניסט, וואָס האָט געשטרעבט אין יעדן אַרטיקל, אין יעטווידער פראַזע, אין יעדן וואָרט דורכצופירן קאָמוניסטישע אידייען, וואָס האָט געשטרעבט מאַכן די צײַטונג, דעם זשורנאַל פאַר א קאַמפּ־געווער פאַרן קאָמוניזם.

לענינען איז אויסגעקומען אָנצוהייבן זײַן אַרבעט אַלס זשורנאַליסט, ווען עס האָט נאָך מיט דער גאַנצער קראַפט געווילדעוועט די צאַרישע צענזור און ווען אַרויסזאָגן קאָמוניסטישע אָנשויונגען, פירן א פּראָפּאַגאַנדע, אַן אַגיטאַציע דורך דער פּרעסע, העלפן צו אָרגאַניזירן די פּאַרטיי, צו אָרגאַניזירן די אַרבעטער האָט מען געקענט אין דער אומלעגאַלער פּרעסע.

אָט, ווי אַזוי לענין כאַראַקטעריזירט די דערמאָנטע פּרעסע.

„בײַס עס האָט עקזיסטירט אַן אונטערשייד צווישן דער אומלעגאַלער און לעגאַלער פּרעסע פלעגט די פראַגע וועגן דער פּאַרטייִשער און אומפּאַרטייִשער פּרעסע געלייזט ווערן עקסטרעם פּאַשעט און עקסטרעם פאַלש, פאַרקריפּלט. די גאַנצע אומלעגאַלע פּרעסע איז געווען פּאַרטייִש, עס האָבן זי אַרויסגעגעבן אָרגאַניזאַציעס, עס האָבן זי געפירט גרופּן, וואָס זײַנען אַזוי אָדער אַנדערש פאַרבונדן מיט די גרופּן פּראַקטישע פּאַרטיי־טוער. די גאַנצע לעגאַלע פּרעסע איז געווען ניט פּאַרטייִש,—דערפאַר, וואָס פּאַרטייִשקײַט איז געווען פאַרבאָטן,—נאָר זי האָט „זיך געצויגן“ צו דער אָדער יענער פּאַרטיי. עס זײַנען געווען אומפאַרמײַדלעכע פאַרקריפּלטע פאַריינען, אומנאָרמאַלע „צוזאַמענלעבונגען“, פאַלשע צודעקונגען; מיט געצוווּנגענעם ניטדעריידן פון מענטש, וואָס האָבן געוואָלט אויסדריקן פּאַרטייִשע אָנשויונגען, עס פלעגט זיך צונויפמישן דאָס ניט קענען דענקען אָדער די פּאַכדאָנעס פונעם דענקען בײַ יענע, וועד איז ניט דערוואָקסן צו דידאָזיקע אָנשויונגען, ווער עס איז אין טאָג ניט געווען קיין פּאַרטיי־מאַן“ [1].

ווען אין די 90־ער יאָרן האָט זיך בײַ אונדז אָנגעהויבן פאָרמירן דער מאַרקסיזם, האָבן די רעוואָליוציאָנערע מאַרקסיסטן געסטאַרעט זיך דורכשלאָגן אין דער לעגאַלער

[1] לענין, ב. VIII, ז. 386, 3-טע אויסגאַבע.

פרעסע, קעדיי דורכ דערדאָזיקער פרעסע פאַרשטאַרקן זייער ווירקונג. פונדעסטוועגנ האָבנ אינ דער פרעסע פונ צאַרישנ רוסלאַנד, וועלכע איז געווענ אונטערגעוואָרפנ דער צענזור, די רעוואָליוציאָנערע מאַרקסיסטנ אינ יענע יאָרנ געקענט דורכשמוגלענ זייערע אידייענ בלויז אינ א פאַרדעקטער, א פאַרמאַסקירטער פאָרמע. שרייבנ איז אויסגעקומענ אפ „שטום־לאָשנ", מיט אָנצוהערענישנ. די מאַרקסיסטישע אַרטיקלענ פונ יענער צייט לייענענ זיכ שווער. אונ דאָכ איז דאָס געווענ נויטווענדיק. איליטש האָט ניט איינמאָל אָנגעוויזנ, אפנ ביישפּיל פונ טשערנישעווסקענ, וועלכער האָט אינ די שווערסטע צענזור־באַדינגונגענ פונ זיינ צייט געקענט זאָגנ זייער פּיל. נאָר גלייכצייטיק האָט איליטש געשעצט טשערנישעווסקענ אויכ דערפאַר, וואָס, אויב מע האָט ניט געטאָרט אַרויסזאָגנ דעמ אייגענעמ געדאַנק, האָט טשערנישעווסק. געקענט פאַרשווייגנ, נאָר ער האָט ניט גערעדט דאָס, וואָס עס האָט ווידערגעשפּרעכט זיינע איבערציי̇גונגענ.

אינ די לעגאַלע אונ דער צענזור־אונטערגעוואָרפענע זשורנאַלנ פונ צאַרישנ רוסלאַנד אינ יענער צייט האָט מענ אינגאַנצנ ניט געקענט אָנרירנ די וויכטיקסטע טעמעס, מע האָט זיי ניט געטאָרט נעמענ, דערפאַר, ווייל אפ געוויסע פראַגנ איז בעסער געווענ צו פאַרשווייגנ, איידער צו ריידנ מיט א האַלבנ מויל אָדער מיט א פערטל מויל. דורכשמוגלענ רעוואָליוציאָנערע מאַרקסיסטישע אָנשויונגענ האָט מענ געקענט בלויז אינ אַרטיקלענ פונ טעאָרעטישנ כאַראַקטער, ווי אַרטיקלענ וועגנ סטאַטיסטיק, וועגנ מערק א. א. וו., נאָר אויכ דאָרטנ האָט זיכ די צאַרישע צענזור אויסגעלערנט זייער גוט אופזוכנ זיי, פאַנאַנדערשיפרירנ דעמ „שטום־לאָשנ" אונ אויסמעקנ פונ אומעטום יעטווידער פונק פונ לעבעדיקנ מאַרקסיסטישנ געדאַנק.

פאַר די לעגאַלע זשורנאַלנ פונ יענער צייט האָט וולאַדימיר איליטש געשריבנ: פאַרנ „נאַטשאַלאָ", פאַרנ „נאָוואָיע סלאָוואָ", נאָר קיינע לעגאַלע זשורנאַלנ האָט ער אַליינ ניט רעדאַקטירט, אינ קיינ שום רעדאַקציעס איז ער ניט אַריינ.

די אומלעגאַלע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פרעסע האָט זיכ אָנגעהויבנ פונ פלוגבלעטלעכ. דאָכ האָט מענ געמוזט שאַפנ אנ אַלגעמיינ־פּאַרטייִשע פרעסע.

אינ 1900 יאָר, אינעמ פּראָיעקט פונ א מעלדונג אינ דער רעדאַקציע פונ „איסקראַ" אונ „זאַריאַ", האָט וולאַדימיר איליטש געשריבנ:

„מע מוז אויסאַרבעטנ, ערשטנס, אנ אַלגעמיינע ליטעראַטור פונ דער פּאַרטיי, אנ אַלגעמיינע ניט נאָר אינ דעמ זינ, אז זי זאָל דינענ דער גאַנצער רוסישער באַוועגונג, אונ ניט קיינ באַזונדערע ראַיאָנענ, זי זאָל באַהאַנדלענ פראַגנ פונ דער גאַנצער באַוועגונג אינגאַנצנ גענומענ אונ זאָל העלפנ דעמ קאַמפּ פונעמ באַוווסטזיניקנ פּראָלעטאַריער, אונ ניט בלויז אָרטיקע פראַגנ אַליינ, נאָר אנ אַלגעמיינע אויכ אינ דעמ זינ, אז זי זאָל פאַראייניקנ אַלע פאַראַנענע ליטעראַרישע קויכעס, זי זאָל אויסדריקנ אַלע שאַטירונגענ פונ מיינונגענ אונ אָנשויונגענ צווישנ די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטנ ניט ווי איזאָלירטע טוער, נאָר ווי כאַווײרים, וואָס זיינענ פאַרבונדנ מיט אנ אַלגעמיינער פּראָגראַם אונ מיט אנ אַלגעמיינעמ קאַמפּ אינ די ריי̇ענ פונ איינ אָרגאַניזאַציע" [1].

---

[1] לעניג, ב. IV, ז. 8, 3־טע אויסגאַבע.

דער זאכ פונ אָרגאניזירנ די פארטיי־פרעסע האָט לענינ צוגעגעבנ א גוואלדיקע באדייַטונג. אוועקשטעלנ אינ רוסלאנד א צייַטונג אנ אומלעגאלע האָט מענ ניט געקענט, אלצ פלעגט מאָמענטאל דורכפאלנ. לענינס פרווו ארויסצוגעבנ אינ פיטער אנ אומלעגאלנ זשורנאלכל „ראבאָטשעיע דיעלאָ“ איז דורכגעפאלנ.

צוליב דעמ, קעדיי אוועקשטעלנ אינ אויסלאנד אנ אלגעמיינ־רוסישנ זשורנאל אונ א צייַטונג, איז לענינ אוועקגעפאָרנ אינ אויסלאנד.

וואָס פאר אנ אונטערשייד האָט לענינ געמאכט צווישנ א צייַטונג אונ א זשורנאל? אָט וואָס ער האָט געשריבנ וועגנ דעמ:

> „וואָס שייַעכ צומ פארטיילנ די טעמעס אונ פראגנ, וואָס מיר האָבנ אָנגעמערקט, צווישנ דעמ זשורנאל אונ דער צייַטונג, וועט דידאָזיקע פארטיילונג באשטימט ווערנ אויסשליסלעכ מיט די אונטערשיידנ אינ דער גרייס פונ דידאָזיקע אויסגאבנ, ווי אויכ מיט די אונטערשיידנ פונ זייער כאראקטער: דער זשורנאל דארפ דינענ הויפטזעכלעכ דער פראָפאגאנדע, די צייַטונג—הויפטזעכלעכ דער אגיטאציע. נאָר סייַ אינ זשורנאל אונ סייַ אינ צייַטונג איז נויטיק אָפּצושפּיגלענ אלע זייַטנ פונ דער באוועגונג. אונ מיר וואָלטנ באזונדערס געוואָלט אונטערשטרייַכנ אונדזער נעגאטיווע באציִונג צו אזא פלאנ, אז אנ ארבעטער־צייַטונג זאָל דרוקנ אפ אירע שפאלטנ אויסשליסלעכ דאָס, וואָס עס רירט אָנ דירעקט אונ אפנ נאָענטסטנ אויפנ די סטיכישע ארבעטער־באוועגונג, אָפּגעבנדיק אלצ, וואָס עס געהערט צומ געביט פונ דער טעאָריע פונ סאָציאליזמ, צומ געביט פונ וויסנשאפט, פּאָליטיק, פונ פראגנ פונ דער פארטייישער אָרגאניזאציע אונ אנד. — אינ אנ אָרגאנ פאר אינטעליגענטנ. פארקערט, עס איז נויטיק דאווקע די פארייניקונג פונ אלע קאָנקרעטע פאקטנ אונ אנטפלעקונגענ פונ דער ארבעטער־באוועגונג מיט די אָנגעוויזענע פראגנ, עס איז נייטיק צו באלייַכטנ דורכ דער טעאָריע יעדנ פריוואטנ פאקט, עס איז נייטיק די פראָפּאגאנדע פונ פראגנ פונ פּאָליטיק אונ פונ פארטייישער אָרגאניזאציע צווישנ די סאמע ברייטע מאסנ פונ ארבעטער־קלאס. עס איז נייטיק צו ארייַנטראָגנ דידאָזיקע פראגע אינ דער אגיטאציע. יענע פאָרמ פונ דער אגיטאציע, וועלכע האָט קימאט אויסשליסלעכ געהערשט ביז איצט בא אונדז—נעמלעכ די אגיטאציע דורכ אָרטיקע פלוג־בלעטלעכ—ווערט ניט גענוגנדיק: זי איז שמאָל, ווייַל זי רירט אָנ בלויז אָרטיקע אונ דערהויפּט עקאָנאָמישע פראגנ. מע דארפ זיכ פרווונ שאפנ א העכערע פאָרמ פונ אגיטאציע דורכ דער צייַטונג, וואָס רעגיסטרירט פעריאָדיש סייַ ארבעטער־אָנקלאגעס, סייַ ארבעטער־שטרייַקנ, סייַ אנדערע פאָרמענ פונ פראָלעטארישנ קאמפּ, אונ אלע אנטפלעקונגענ פונ פּאָליטישנ דרוק אינ גאנצ רוסלאנד, אונ וואָס מאכט באשטימטע אויספירנ פונ יעדנ אזא פאקט, צוגעפאסט צו די ענדגילטיקע צילנ פונ סאָציאליזמ אונ צו די פּאָליטישע אופגאבנ פונעמ רוסישנ פראָלעטאריאט“. [1]

---

[1]) לעניו, ב. IV, ז, 10—9 3־טע אויסגאבע.

וואָס אָנבאַלאַנגט דער אַלגעמיין־רוסישער פּאַרטײיִשער צײַטונג האָט איר איליטש צוגעגעבן אַן אויסשליסלעך גרויסע באַדײַטונג, ער האָט פאַרשטאַנען די אויפגאַבן פון אַזאַ אָרגאַן זייער ברייט. ער האָט געהאַלטן, אַז די צײַטונג דאַרף ווערן דער קאָלעקטיווער פּראָפּאַגאַנדיסט, דער קאָלעקטיווער אַגיטאַטער און קאָלעקטיווער אָרגאַניזאַטער. אַלץ ענגער און ענגער דאַרף זיך די צײַטונג פאַרבינדן מיט די פּאַרטייִשע אָרגאַניזאַציעס און מיט די אַרבעטער־מאַסן, באַקומען פון זיי ידיעות, אויפכאַפּן זייערע שטימונגען, ענטפערן אַף די פראַגן, וואָס רעגן אויף די פּאַרטייִשע אָרגאַניזאַציעס און די מאַסן; זי דאַרף באַהעפטן די פּאַרטייִשע אָרגאַניזאַציעס און די אַרבעטער־מאַסן אַרום באַשטימטע פּאַרטייִשע לאָזונגען, זי דאַרף באַלײַכטן מיטן ליכט פון דער מאַרקסיסטישער טעאָריע אַלע לויפנדיקע פראַגן.

וועגן דער ראָלע פון דער צײַטונג איז זייער גוט געזאָגט געוואָרן בײַ וולאַדימיר איליטשן אין דעם נומער 4 „איסקראַ" אין דעם אַרטיקל „פון וואָס אָנהייבן?"

לענין איז געווען אין באַשטאַנד פון ד[illegible] רעדאַקציע „איסקראַ" ביזן 52־טן נומער, ווען ער איז אַרויס פון דער רעדאַקציע „איסקראַ", דערפאַר, ווײַל די אָנפירנדיקע ראָלע האָבן דאָרטן באַקומען די מענשעוויקעס.

נאָכדעם אין 1905 יאָר האָט אָנגעהויבן דערשײַנען די באָלשעוויסטישע צײַטונג „וופּעריאָד": זי איז אַרויס אין 18 נומערן (פון 4־טן יאַנוואַר ביז 18־טן מײַ נײַער סטיל).

וולאַדימיר איליטש איז געווען אין באַשטאַנד פון דער רעדאַקציע „וופּעריאָד". דער III פּאַרטייִשער צוזאַמענפאָר האָט באַשטימט אָנשטאָט „וופּעריאָד" אַרויסגעבן די צײַטונג „פּראָלעטאַרי" און האָט אויסגעקליבן לענינען פאַרן אייניציקן רעדאַקטער.

די אויסלענדישע אויסגאַבן פלעגן אַרויסגיין אין זייער קליינע טיראַזשן, עס זײַנען געווען זייער גוואַלדיקע שוועריקײַטן מיטן טראַנספּאָרט, מיט דער פאַרשפּרייטונג.

עס איז דעריבער פאַרשטענדלעך איליטשס גוואַלדיקע פרייד, ווען די רעוואָליוציע פון 1905 יאָר האָט צעבראָכן די צענזור־צאַמען און האָט מעגלעך געמאַכט דאָס אַרויסגעבן אַ לעגאַלע טעגלעכע צײַטונג.

> „און די נײַע לעגאַלע צײַטונג,—האָט איליטש אין אָקטיאַבער 1905 יאָר געשריבן פלעכאַנאָוון פאַרן אָפּפאָרן קיין רוסלאַנד,—וואָס וועט האָבן אַן אויִדיטאָריע פון צענדליקער, אויב ניט קיין הונדערטער טויזנטער אַרבעטער,—און טאַקע די גאַנצע מאָרגעדיקע אַרבעט אין רוסלאַנד אין אַזאַ מאָמענט, ווען אײַערע גוואַלדיקע קענטענישן און די גוואַלדיקע פּאָליטישע דערפאַרונג זײַנען מוירעדיק נייטיק דעם רוסישן פּראָלעטאַריאַט—אָט דאָס אַלץ באַשאַפט אַ נײַעם באָדן, וואָס אַף אים וועט זײַן גרינגער פון אַלץ צו פאַרגעסן דאָס אַלטע, איינפאַרשטענדיקן זיך אַף דער לעבעדיקער זאַך"[1].

אין דעם נומער 12 „נאָוואַיאַ זשיזן" (די ערשטע לעגאַלע באָלשעוויסטישע צײַטונג, וואָס האָט אָנגעהויבן צו דערשײַנען פונעם 9־טן נאָיאַבער (27 אָקטיאַבער) און האָט עקזיסטירט ביזן 16 (3) דעקאַבער 1905 יאָר) פון 26 (13) נאָיאַבער איז געווען

---

[1] לענין, ב. VIII, זײַט 349, 3־טע אויסגאַבע.

געדרוקט לעגינס אנ ארטיקל: „די פארטייִשע אָרגאניזאציע אונ די פארטייִשע ליטעראטור“. איליטש שרייַבט דאָרטנ:

„די ליטעראטור קענ איצט, אפילע, „לעגאל“, זייַנ אפ 9/10 א פארטייִשע. די ליטעראטור דארפ ווערנ א פארטייִשע. אינ קעגנגעוויכט צו די בורזשואזע זיטנ, אינ קעגנגעוויכט דער בורזשואזער, אונטערנעמערישער, הענדלערישער פרעסע, אינ קעגנגעוויכט דעם בורזשואזנ ליטעראַרישנ קאריעריזמ אונ אינדיווידואליזמ, דעם „פריצישנ אנארכיזמ“ אונ דעם געיעג נאָכ פראָפיט, — דארפ דער סאָציאַליסטישער פראָלעטאריאט ארויסרוקנ דעם פרינציפ פונ פארטייִשער ליטעראטור, אנטוויקלענ דעמדאָזיקנ פרינציפ אונ דורכפירנ אימ אינ לעבנ אינ א מעגלעכ פאָפולערער אונ גאנצערער פאָרמע“. „די ליטעראַרישע זאכ דארפ ווערנ דער באשטאנד־טייל פונ דער אָרגאניזירטער, פלאנמעסיקער, פאראייניקטער סאָציאַל־דעמאָקראטישער פארטייִשער ארבעט“.

„עס איז ניט צו באשטרייַטנ, אינ דערדאָזיקער זאכ איז אומבאדינגט נייטיק דאָס זיכערנ א גרעסערע ראכוועס דער פערזענלעכער איניציאַטיוו, די אינדיווידועלע נייגונגענ, ראכוועסנ פונ געדאנק אינ דער פאנטאזיע, דער פאָרמ אונ דער אינהאלט. דאָס אלצ איז אומבאשטרייַטבאר, נאָר דאָס אלצ באווייַזט בלויז דאָס, אז דער ליטעראַרישער טייל פונ דער פארטייִשער זאכ פונ פראָלעטאריאט קענ אפ א שאבלאָנעמ אויפנ ניט אידענטיפיצירט ווערנ מיט אנדערע טיילנ פונ דער פארטייִשער זאכ פונ פראָלעטאריאט. דאָס אלצ לייקנט פאר קיינ פאל ניט אָפ יענע האנאָכע, וואָס איז פרעמד אונ מעשונעדיק פאר דער בורזשואזיע אונ דער בורזשואזער דעמאָקראטיע, אז די ליטעראַרישע זאכ דארפ אומבאדינגט אונ אָבליגאטעריש ווערנ אנ אומצערייַסבאר פארבונדענער טייל מיט די איבעריקע טיילנ פונ דער סאָציאַל־דעמאָקראטישער פארטייִשער ארבעט. די צייַטונגענ דארפנ ווערנ די אָרגאנענ פונ פארשיידענע פארטייִשע אָרגאניזאציעס. די ליטעראַטערנ דארפנ אומבאדינגט אדייַנגיינ אינ די פארטייִשע אָרגאניזאציעס. די פארלאגנ אונ סקלאדנ, מאגאזינענ אונ לייענזאלנ, ביבליאָטעקנ אונ פארשיידענע בוכהאנדלונגענ — דאָס אלצ דארפ ווערנ פארטייִש, אונטערגעוואָרפנ דער פאראנטוואָרטלעכקייַט. נאָכ דערדאָזיקער גאנצער ארבעט דארפ נאָכשפירנ דער אָרגאניזירטער סאָציאַליסטישער פראָלעטאריאט, אינגאנצנ קאָנטראָלירנ זי, אינ דערדאָזיקער גאנצער ארבעט, אָנ קיינ איינציקנ אויסנאמ, ארייַנטראָגנ א לעבעדיקנ שטראָמ פונ דער לעבעדיקער פראָלעטארישער זאכ, אָפנעמענדיק אפ אזא אויפנ יעטווידער באָדנ בא דעם אלטפרענקישנ, האלב־אָבלאָמאָווישנ, האלב־הענדלערישנ רוסלענדישנ פרינציפ: „דער שרייַבער שרייַבט זיכ צו ביסלעכ, דער לייענער לייענט זיכ צו ביסלעכ“.

„מיר ווילנ שאפנ אונ מיר וועלנ שאפנ א פרייַע פרעסע ניט בלויז אינ פאָליצייִשנ זינ, נאָר אויכ אינ דעם זינ פונ איר פרייַקייַט פונ קאפיטאליזמ, פונ פרייַקייַט פונ קאריעריזמ; — נאָכ מער: אויכ אינ זינ פונ פרייַקייַט פונ בורזשואזנ אנארכיסטישנ אינדיווידואליזמ“. „...הערנ בורזשואזע אינדיווידואליסטנ, מיר דארפנ אייַכ זאָגנ, אז אייַערע רעדעס וועגנ אבסאָליוטער פרייַהייַט איז איינע

צוויִעס. אין דער געזעלשאַפט, וואָס באַזירט זיך אַף דער מאַכט פון געלט, אין דער געזעלשאַפט, ווו עס לעבן אין דאַלעס די מאַסן אַרבעטנדיקע און עס פּאַראַזיטעווען הייפלעך גווירים, קען ניט זיין קיין רעאַלע און ווירקלעכע „פרייַהייט". זייט איר דען פריי פון אייער בורזשואַזן פאַרלעגער, הער שרייַבער? פון אייער בורזשואַזן פּובליקום, וואָס פאָדערט פון אייך פאָרנאָגראַפיע אין ראַמלעך און בילדער, פּראָסטיטוציע אין דער פאָרם פון אַ „צוגאָב" צו דער „הייליקער" סצענישער קונסט? די דאָזיקע אַבסאָלוטע פרייַהייט איז דאָך אַ בורזשואַזע אָדער אַן אַנאַרכיסטישע פראַזע (ווייַל, ווי אַ וועלט־אָנשויונג, איז דער אַנאַרכיזם אַ בורזשואַזקייט, אַן אויסגעקערטע אַף דער לינקער זייט). לעבן אין דער געזעלשאַפט און זיין פריי פון דער געזעלשאַפט קען מען ניט. די פרייַהייט פונעם בורזשואַזן שרייַבער, קינסטלער, אַקטריסע איז בלויז אַ פאַרמאַסקירטע (אָדער אַזאַ, וואָס מאַסקירט זיך צוואַקיש) אָפּהענגיקייט פונעם געלט־זאַק, פון כאַבאַר, פון געהאַלט.

און מיר, סאָציאַליסטן, דעמאַסקירן די דאָזיקע צוויִעס, מיר רייַסן אַראָפּ די פאַלשע שילדן,—ניט צוליב דעם, קעדיי באַקומען אַ ניט־קלאַסאָווע ליטעראַטור און קונסט (דאָס וועט מעגלעך זיין בלויז אין דער סאָציאַליסטישער ניט־קלאַסאָווער געזעלשאַפט), נאָר צוליב דעם, אַז דער צוואַקיש־פרייַער ליטעראַטור וואָס איז אינדערעמעסן פאַרבונדן מיט דער בורזשואַזיע, קעגנשטעלן די ווירקלעך פרייַע, די אָפן מיטן פּראָלעטאַריאַט פאַרבונדענע ליטעראַטור. דאָס וועט זיין אַ פרייַע ליטעראַטור, דערפאַר ווייַל ניט אייגן־נוץ און ניט קאַריערע, נאָר די אידייע פון סאָציאַליזם און פון מיטגעפיל די אַרבעטנדיקע וועלן ווערבירן נייַע און נייַע קרעפטן אין אירע רייען. דאָס וועט זיין אַ פרייַע ליטעראַטור דערפאַר, ווייַל זי וועט דינען ניט דער איבערגעזעטיקטער העלדין, ניט די „אויבערשטע צען טויזנט", וואָס לאַנגווייַלן זיך און לייַדן פון פעט ווערן, נאָר די מיליאָנען און צענדליקער מיליאָנען אַרבעטנדיקע, וואָס בילדן דעם גלאַנץ פון לאַנד, איר קראַפט, איר צוקונפט. דאָס וועט זיין אַ פרייַע ליטעראַטור, וואָס באַפרוכפּערט דעם לעצטן וואָרט פונעם רעוואָלוציאָנערן געדאַנק פון דער מענטשהייַט מיט דער דערפאַרונג און מיט דער לעבעדיקער אַרבעט פון סאָציאַליסטישן פּראָלעטאַריאַט, וועלכער שאַפט אַ קעגנזייַטיקע ווירקונג צווישן דער דערפאַרונג פון דער פאַרגאַנגענהייַט (דער וויסנשאַפט־לעכער סאָציאַליזם, וואָס האָט פאַרענדיקט די אַנטוויקלונג פון סאָציאַליזם, פון זייַנע פּרימיטיווע, אוטאָפּישע פאָרמעס) און דער דערפאַרונג פונעם הייַנט (דער איצטיקער קאַמף פון די כאַווייִרים אַרבעטער").

אין דעקאַבער האָט מען די „נאָוואַיאַ זשיזן" פאַרמאַכט. פון 9 מייַ (26 אַפּרעל) 1906 יאָר האָט זיך אייַנגעגעבן ווידער אַרויסצולאָזן אַ טעגלעכע באָלשעוויסטישע צייַטונג „וואָלנאַ", עס זייַנען אַרויס 25 נומערן, רעדאַקטירט האָט איר וולאַדימיר איליטש, אַסאַך נומערן אירע פלעגן קאָנפיסקירט ווערן, פאַר אַסאַך אַרטיקלען פלעגט מען די צייַטונג צוציִען צום געריכט און ענדלעך האָט מען זי פאַרמאַכט. אַף איר אָרט האָט אָנגעהויבן אַרויסגיין „וופּעריאָד", עס זייַנען אַרויס 17 נומערן, נאָכ־

דעמ איז אויכ דידאָזיקע צײַטונג פאַרמאַכט געוואָרנ. עס האָט אָנגעהויבנ ארויסגיינ „עכאָ”, עס זײַנענ ארויס 14 נומערנ, אַלע האָט מענ קאָנפיסקירט אונ די צײַטונג פאַרמאַכט.

פונ סאמע אָנהייב רעוואָליוציאָנערנ אופשטײַג האָט וולאַדימיר איליטש פאָרויסגעזענ, אַז די רעוואָליוציע קענ דערשטיקט ווערנ אונ ער איז באשטאנענ אַפ אײַנהיטנ דעמ אומלעגאַלנ אָרגאנ „פראָלעטארי”. מע פלעגט אימ ארויסגעבנ אינ די מאָמענטנ פונ אופשטײַג זייער זעלטנ, ער פלעגט ארויס אינ פינלאנד. דאָס האָט געהאט א גרויסע באַדײַטונג, ווײַל דאָס האָט דערלויבט דער פאַרטײיִשער אָרגאַניזאַציע אַלעמאָל אויכ דעמלט, ווענ מע פלעגט פאַרמאַכנ די לעגאַלע צײַטונגענ, ארויסצוזאָגנ זייער שטאנדפונקט.

פונ 1908 יאָר איז דער „פראָלעטארי” איבערגעטראָגנ געוואָרנ קיינ זשענעווע, דערנאָכ קיינ פאַריזש. אינ 1910 יאָר האָט דער פלענומ פונ צ. ק. באשטימט די פראקציאָנעלע אומלעגאַלע אָרגאנענ פאַרמאַכנ, אינ דעמ אויכ דעמ „פראָלעטארי”, אונ דעמ „סאָציאַל־דעמאָקראט” פאַרוואנדלענ אינ אַנ אַלגעמיינ־פאַרטײיִשנ אָרגאנ. לענינ האָט רעדאַקטירט פריער דעמ „פראָלעטארי”, נאָכדעמ איז ער ארײַנ אינ דער רעדאַקציע פונ „סאָציאַל־דעמאָקראט”.

אינ „סאָציאַל־דעמאָקראט” איז לענינענ אויסגעקומענ פונ אָנהייב צו ארבעטנ מיט די מענשעוויקעס. עס איז „נאָר א מאטערניש”,— פלעגט ער זאָגנ, נאָר צוליב די אינטערעסנ פונ דער זאַכ איז ער דאַנ אײַנגעגאַנגענ אַפ דעמ. אינ 1912 יאָר, נאָכ דער פראָגער קאָנפערענצ, איז דער „סאָציאַל־דעמאָקראט” געוואָרנ אינגאַנצנ א באָלשעוויסטישער אָרגאנ אונ האָט עקזיסטירט ביזנ 1917 יאָר.

אינ די יאָרנ פונ רעאקציע איז אַפילע ניט אויסגעקומענ צו טראַכטנ וועגנ אַנ אייגענער לעגאַלער צײַטונג. נאָר צומ סאָפ 1910 יאָר האָבנ זיכ שוינ אָנגעהויבנ געוויסע סימאָנימ פונ אַנ אופשטײַג אונ אינ סאמע סאָפ דעקאַבער האָט אינ פיטער אָנגעהויבנ דערשײַנענ א לעגאַלע וועכנטלעכע צײַטונג „זוועזדא”. אינ מאָסקווע האָט אָנגעהויבנ דערשײַנענ א באָלשעוויסטישער זשורנאַל „מיסל”. „וויאַזוי געפינט איר די „זוועזדא” אונ „מיסל”? — האָט איליטש געפרעגט אינ א בריוו באַ גאָרקינ.— „די ערשטע איז, לויט מײַנ מיינונג, בלאָס, אונ די צווייטע איז אינגאַנצנ אונדזערע אונ זי פרייט מיכ אָנ מאָס. אָבער מע וועט זי גיכ פאַרקוועטשנ” [1]

אזוי איז טאַקע געווענ.

דער 1911 יאָר איז געווענ א יאָר פונ אופשטײַג, דאָס האָט זיכ שוינ געפילט אינ אַלצ. אונטער פאַריזש אינ לאָנזשומאָ איז באַ די באָלשעוויקעס אָרגאַניזירט געוואָרנ א פאַרטײיִשע ארבעטער־שול, עס האָבנ זיכ געפעסטיקט די פאַרבינדונגענ מיט רוסלאַנד. סאָפ 1911 יאָר האָט זיכ אײַנגעגעבנ אַוועקשטעלנ אינ פיטער א באָלשעוויסטישנ זשורנאַל „פראָסוועשטשעניע”. אינ יאַנוואַר 1912 יאָר איז פאָרגעקומענ די פראָגער פאַרטיי־קאָנפערענצ, וועלכע איז אָרגאַניזירט געוואָרנ דורכ די באָלשעוויקעס אונ האָט געשפילט א גוואַלדיקע ראָלע אינ דער אָרגאַניזאַציע פונ דער גאַנצער ווײַטערדיקער ארבעט פונ דער פאַרטיי. דעמ 4 אַפרעל 1912 יאָר איז פאָרגעקומענ די

[1] לענינישער זאַמלבוכ, I זײַט 116.

לענער צעשיסונג, וואָס אפּ איר האָבן די ארבעטער־מאסן געענטפערט מיט א גאנ־צער כוואליע פּאָליטישע שטרייקן. אין ברען פון דעמדאָזיקן אופשטייַג איז געבאָרן געוואָרן די „פראוודא". דער ערשטער נומער איז דערשינען דעם 5 מיי (22 אפּרעל) 1912 יאָר.

„און אין רוסלאנד איז א רעוואָליוציאָנערער אופשטייַג, ניט קיין וועלכער עס איז אנדערער, נאָר טאקע א רעוואָליוציאָנערער. און אונדז האָט זיך טאקע איינ־געגעבן אוועקשטעלן די טעגלעכע „פראוודא", צווישן אנדערן, אדאנק אָט טאקע יענער (יאנווארישער) קאָנפערענץ, אפּ וועלכער די נאראָנים בילן" שרייַבט איליטש צו גאָרקין.

האיאָר פייַערן מיר דעם 20־יאָריקן יובילײ פון „פראוודא". „פראוודא"—א לע־גאלע טעגלעכע צייַטונג,—שטייט 20 יאָר אפּן פּארטייישן פּאָסט. אסאך איז איר אויס־געקומען איבערצולעבן. צו איר איז איינגאנצן אָנווענדלעך דאָס, וואָס לענין האָט געשריבן אין 1905 יאָר וועגן דער באדייַטונג פון דער פּארטייישער צייַטונג, וואָס באדינט מיליאָנען, צענדליקער מיליאָנען ארבעטנדיקע, ארבעט אונטער דער דירעק־טער אָנפירונג פון צ.ק. אל.ק.פּ.(ב), דורכפירנדיק אין די מאסן די פּארטיישע די־רעקטיוון, די לענינישע איינשטעלונגען.

# בלויז די פּרינציפּיעלע איינפארשטענדיקייַט און דער זאכלעכער באשטאנד פון דער רעדאקציע קענען אופ־הייבן די צייַטונג אפּ דער געהעריקער הייך.

וולאדימיר איליטש האָט צוגעגעבן א גוואלדיקע באדייַטונג דער פּרינציפּיעלער איינפארשטענדיקייַט, דער צוזאמענשלאָסנקייַט פון דער רעדאקציע. בלויז אזא אי־דייישע צוזאמענשלאָסנקייַט האָט געקענט זיכערן די פּארטייישע אויסגעהאלטנקייַט אין דער ריכטונג פון זשורנאל אָדער פון דער צייַטונג. עס טאָר ניט זיין, אז די רעדאקציע זאָל פּאָרמירט ווערן לויטן מוסטער פון קרילאָווס דרייַלינג, וואָס האָט געשלעפּט דעם וואָגן: דעם שוואן, די העכט און דעם ראק. אין דער צווייטער עמי־גראציע (אין די יאָרן 1909—1908) פלעגט ארויסגיין אין אויסלאנד דער באָלשעווי־סטישער אָרגאן „פּראָלעטארי". פון אָנהייב זייַנען אין רעדאקציע אריינגענאנגען לע־נין, באָגדאנאָוו, אינאָקענטי (דובראָווסקי). נאָכדעם האָבן זיך צווישן לענינען מיט אינאָקענטין פון איין זייַט, און באָגדאנאָוון—פון דער צווייטער, פאנאנדערגעפלא־קערט פילאָסאָפישע שטרייַטן. און נאָך זומער 1908 יאָר שרייַבט איליטש וואָראָוו־סקען וועגן דער אָנקומענדיקער שפּאלטונג מיט באָגדאנאָוון. „די עמעסע סיבע—דאָס באליידיקן זיך פאר דער שארפער קריטיק אפּ די רעפעראטן (פאר קיין פאל ניט אין רעדאקציע) פון זייַנע פילאָסאָפישע אָנשויונגען". פון דערדאָזיקער באמערקונג אין קלאמערן איז צו זען, אז אין רעדאקציע האָט זיך וולאדימיר איליטש געסטארעט ניט צו פארשארפן די פראגע, נאָר עס האָט זיך ניט באקומען. מיט א יאָר שפּעטער האָט אפּ א פארברייטערטער זיצונג פון „פּראָלעטארי" באָגדאנאָוו געמאָלדן, אז ער טרעט ארויס פון דער באָלשעוויסטישער פראקציע. לעבנדיק בא גאָרקין אפּ קאפּרי, האָט

ער פארפירט א פארשיידנארטיקע קריטיק אפן „פראָלעטארי“. אָט וואָס וולאדימיר אילִיטש האָט וועגן דעמדאָזיקן איניען געשריבן צו גאָרקין אין 1910 יאָר.

„דאָס, וואָס אײַך און באָגדאנאָוון דוכט זיך פאר ניט אופריכטיק און אָן א צוועק און אזוי ווײַטער ווערט אין „פראָלעטארי“ דערקלערט מיט גאָר אינגאנצן אן אנדער שטאנדפונקט אפ דעם גאנצן הײַנטצײַטיקן מאָמענט (און אפן מארקסיזם אפ געוויס). שוין א וואָסערע צוויי יאָר זינט מיר טאָפּטשען זיך אפ אן אָרט, קײַענדיק יענע פראגן, וואָס באָגדאנאָוון דוכט זיך נאָך אלץ, אז דאָס זײַנען „שטרײַט־פראגן“, און וואָס דאָס לעבן האָט שוין לאנג געלייזט. און אויב מיר וואָלטן פאָרגעזעצט צו „שטרײַטן“ וועגן זיי, וואָלטן מיר אויך איצט געטאָפּטשעט זיך אומזיסט. אָבער פאנאנדערגייענדיק זיך, וועלן מיר באווײַזן די ארבעטער קלאָר, אָפן, באשטימט צוויי אויסוועגן. דעם אויטוואָל וועלן די ארבעטער סאָציאַל־דעמאָקראטן מאכן גרינג און שנעל, ווײַל די טאקטיק פון היטן (אין קאָנסערווון) רעוואָליוציאָנערע ווערטער (יאָרן 1906־1905) אָנשטאָט אָנווענדן דעם רעוואָליוציאָנערן מעטאָד צו דער נײַער, אנדערער סיטואציע, צו דער געענדערטער עפּאָכע, וואָס פאָדערט אנדערע אויפאנים און אנדערע פאָרמען פון אָרגאניזאציע, דאָס איז א טאקטיק—א טויטע. צו דער רעוואָליוציע גייט דער פראָלעטאריאט און וועט קומען,—נאָר ניט אזוי, ווי ביז 1905 יאָר: יענע וואָס „גלויבן“, אז ער גייט און וועט קומען, נאָר זיי פארשטייען ניט דעמדאָזיקן „ניט אזוי“—יענע דארף אונדזער פּאָזיציע אויסדוכטן זיך, אז זי איז ניט קיין אופריכטיקע, אָן א צוועק, אן אומעטיקע, וואָס באזירט זיך אפ דעם ניט גלויבן אין פראָלעטאריאט און אין דעם סאָציאַליזם א.א.וו. א.א.וו. די מיינונג־פארשיידנהײַט, וואָס דרינגט דערפון ארויס, איז אָן סאָפעק גענוג טיף, קעדיי מאכן א שפּאלטונג—צום ווייניקסטנ די אויסלענדישע—פאר אומפארמײַדלעך, נאָר אפילע דערווײַטערט דערנעענטערט זי זיך ניט צו דער טיפקײַט אין דער שפּאלטונג פון די באָלשעוויקעס און מענשעוויקעס, אויב מע זאָל ריידן וועגן דער טיפקײַט אין דער שפּאלטונג פון דער פארטיי פון דער סאָציאַל־דעמאָקראטיע, פון די מארקסיסטן“ [1]).

בלויז די פּרינציפּילע איינפארשטענדיקײַט האָט געזיכערט, לויט וולאדימיר אילִיטשס מיינונג, דעם זשורנאל, דער צײַטונג די ווירקונג, די נייטיקע אויסגעהאלטנקײַט. אין אלע רעדאקציעס, אין וועלכע וולאדימיר אילִיטש איז ארײַנגעגאנגען, האָט ער געשפּילט די גרעסטע אָנפירנדיקע ראָלע. אין טאָך פון דער זאך האָט ער געפירט די צײַטונגען, די זשורנאלן. נאָר ער פלעגט זיך שטענדיק אָנשפּארן אפן קאָלעקטיוו. די געשיכטע מיט דער רעדאקציע „איסקרא“ כאראקטעריזירט וואָס מע דארף ניט בעסער וולאדימיר אילִיטשס שטאנדפונקט אפן באשטאנד פון דער רעדאקציע. אפן צוזאמענפאָר האָט ער פאָרגעלייגט א פּראקטישן דרײַלינג. אין דעמדאָזיקן דרײַלינג זײַנען ארײַן: פּלעכאנאָוו, לענין, מארטאָוו. פּלעכאנאָוון האָט וולאדימיר אילִיטש אויסערגעווײנלעך געשעצט ווי א טעאָרעטיקער, וואָס האָט אויסגעצייכנט געקעמפט

1) לענינישער זאמלבוך II, זײַט 419.

מיט די פאָלקיסטן, מיט בערנשטיינ־יאַנערן, מיט די עקאָנאָמיסטן. אָבער ער האָט אויך געוווסט פלעכאַנאָווס שוואַכע זײַטן. די לאַנגע יאָרן פון עמיגראַציע, אין יענע יאָרן, ווען עס איז נאָך ניט געווען קיין פּאַרטיי, די אַרבעטער־באַוועגונג האָט נאָר־וואָס אָנגעהויבן צו פאָרמירן זיך, האָבן אַרויפגעלייגט אַף פלעכאַנאָוון זייער שטעמפּל. פלעכאַנאָוו איז געווען אָפּגעריסן פון דער אַרבעטער־באַוועגונג, וואָס האָט זיך פאַ־נאַנדערגעוויקלט. דאָס איז געווען צו זען פון דעם, ווי ווייניק ער האָט זיך אינטע־רעסירט מיט די אַרבעטער־קאָרעספּאָנדענציעס, ווי ער האָט ניט געקענט הערן די טויער וועלכע פלעגן קומען צו פאָרן פון די ערטער, ווי ער האָט זיי ווייניק געשטעלט פּראַקטישע פראַגן. אַכוצדעם איז ער געווען שרעקלעך נאָכגעגעבן און האָט ניט געדולדעט קיינע דערווידערונגען, האָט פּאַשעט טעראָריזירט זײַנע מיטקעמפער לויט דער גרופּע „אַרבעטער־באַפרײַונג"—זאַסוליטש און פּ. ב. אַקסעלראָד.

וולאַדימיר איליטש האָט פאַרמאָגט ברייטע טעאָרעטישע קענטענישן, וואָס מיט זייער הילף פלעגט ער אויפהייבן די פּראַקטישע אַרבעט אַף דער העכסטער שטופע. די טעאָריע האָט אים געלערנט צוקוקן זיך צום לעבן, אויפכאַפּן אין לעבן דאָס סאַמע נייטיקע און סאַמע וויכטיקע, פון דער צווייטער זײַט, האָט די רעוואָליוציאָנערע פּראַקטיק געשטויסן פאָרויס זײַן געדאַנק, האָט געלערנט טיפער שטעלן די פראַגן. איליטש איז געווען אַ טעאָרעטיקער פון אַינגאַנצן אַן אַנדער טיפּ. איידער פלעכאַנאָוו. עס וואָלט אָבער געווען אינגאַנצן ניט ריכטיק צו זאָגן, ווי דאָס האָבן געפּרוּווט אייניקע טאָן, אַז פלעכאַנאָוו איז אַ טעאָרעטיקער, און לענין—אַ פּראַקטיקער. דאָס איז ניט אַזוי. לענין איז אויך אַ טעאָרעטיקער, נאָר אַ טעאָרעטיקער פון אינגאַנצן אַן אַנדער טיפּ, פון אַן אַנדער עפּאָכע, וואָס איז אָרגאַניש פאַרבונדן מיט דער גאַנ־צער בוּוונג פון פּאַרטיי, מיט דער גאַנצער אַרבעט אירער. אין דעם איז געווען זײַן קויעך. בא איליטשן איז ניט געווען קיין שאָטן אַפילע פון גײַווע פון אַ געלערנטן טעאָרעטיקער, ער האָט אַף אַלץ געקוקט פונעם שטאַנדפּונקט פון די פּאַרטיי־אינטע־רעסן, פון די אינטערעסן פון אַרבעטער־קלאַס. און פון דעמדאָזיקן שטאַנדפּונקט האָט ער געקוקט אויך אַף זיך, און האָט פאַרשטאַנען, אַז ער איז אַ קויעך.

מאַרטאָוו איז געווען, ווי וולאַדימיר איליטש האָט זיך וועגן אים אָפּגערופן, אַ טיפּישער זשורנאַליסט. ער איז געווען אויסערגעוויינלעך אײַנדרוקפול. אַדאַנק דעם האָט ער געקענט אויפכאַפּן דאָס, וואָס עס קומט פאָר אין די מאַסן, אַף די ערטער, האָט געקעוט אָפּרופן זיך אַף די טאָג־פראַגן, האָט געלעבט דערמיט. דעמדאָזיקן שטריך האָט זייער געשעצט אין אים וולאַדימיר איליטש. אָבער אַדאַנק דעם, וואָס ער איז געווען אײַנדרוקפול, האָט זיך מאַרטאָוו זייער גרינג אונטערגעגעבן פאַרשיידענע ווירקונגען. דער דרײַלינג—פלעכאַנאָוו, לענין, מאַרטאָוו—איז געווען די אמערסטן זאַכ־לעכע. וואָס שײַך דעם דרײַלינג: פּאָטרעסאָוו, וועראַ זאַסוליטש און פּ. ב. אַקסעלראָד, וואָס איז אַרײַנגעגאַנגען צוזאַמען מיט פלעכאַנאָוון, לענינען און מאַרטאָוון אין דער פאַר־צוזאַמענפאָר־רעדאַקציע פון „איסקראַ", האָט וולאַדימיר איליטש געהאַלטן, אַז זיי שטערן דער זאַכלעכקײַט פון דער רעדאַקציע און דער איינפאַרשטענדיקײַט אירער. פּאָטרעסאָוו האָט ביכלאַל גענומען אַ גענוג שוואַכן אָנטייל אין דער רעדאַקציאָנעלער אַרבעט פון „איסקראַ". „ער איז אַ פריצישער זינדל,—פלעגט וועגן אים זאָגן אַלעקסאַנדראַ מיכײַלאָוונאַ קאַלמיקאָוואַ, וואָס האָט אים גוט געקענט,—ער קען אַנדערש

ניט שרײַבנ, סײַדנ אונטער פּליעסקענ פונ די כוואליעס פונעמ דאָרעמדיקנ יאמ, אונטערנ שאָטנ פונ די פּאלמעס.״ וואָס שײַעכ ווערע איוואנאָוונע זאסוליטש אונ פּאוועל באריסאָוויטש אקסעלראָד, האָבנ זיי זיכ ניט אנטשלאָסנ צו דערווידערנ פּלעכאנאָוונ, שטרײַטנ מיט אימ אונ שטענדיק באמ שטימענ פּלעגנ זיי אונטערהאלטנ זײַנ שטאנדפּונקט.

האָבנדיק אינ דער ווירקלעכקײַט דרײַ שטימענ, האָט זיכ פּלעכאנאָוו געהאלטנ גײַוועדיק. געפּראוועט קאפּריזנ. א מאסע צײַט פּלעגט אוועקגיינ אפ פּוסטע רייד, אפּ פּאטערנ די נערוונ.

ווענ מע זאָל דאָס אלצ איבערזעצנ אפ דער הײַנטצײַטיקער שפּראכ, דארפ מענ זאָגנ, אז בא פּלעכאנאָוונ אונ בא לענינענ זײַנענ געווענ צוויי פארשיידענע שטאנדפּונקטנ אפ איינפערזאָניקײַט.

פּלעכאנאָוו האָט די איינפערזאָניקײַט פארשטאנענ אינ דעמ זינ, אז ער איז אינ רעדאקציע אלצ. געווענ איז ער אנ עקסטרעמער אינדיווידואליסט. לענינ איז געווענ א קאָלעקטיוויסט אפ דורכ אונ ביזנ מארכ פונ דיביינער. ניט ווייניקער פונ פּלעכאנאָוונ האָט ער געפילט די פאראנטוואָרטלעכקײַט פאר דער רעדאקטערישער ארבעט,, נאָר ער האָט זיכ געסטארעט יעדנ רעדאקציע־מיטגליד אויסנוצנ ביז גאָר ביזנ סאָפ, בא יעדערנ נעמענ דאָס, וואָס ער קענ געבנ, האָט געקענט צונויפפּאסנ קויכעס. אונ אימ אליינ האָט די רעדאקציאָנעלע ארבעט אסאכ געגעבנ ארײַנדרינגענדיק אינ אלע קלייניקײַטנ, האָט ער אפנ שטארקסטנ אויפנ געווירקט אפ די מיטרעדאקטערנ אונ האָט געקענט פירנ די צײַטונג אזוי, ווי ער האָט דאָס געהאלטנ פאר נייטיק. איליטש איז געווענ אנ עכטער רעדאקטער.

# לענינס ארבעט אלס רעדאקטער.

וועלכע זײַטנ פונ דער ארבעט אלס רעדאקטער האָט וולאדימיר איליטש צוגעגעבנ א באדײַטונג, איז צו זענ פונ זײַנ בריוו צומ כאווער קאספּאראָוו, געשריבנ אינ 1913 יאָר. קאספּאראָוו האָט אָנגעשריבנ פאר דער „פּראָסוועשטשעניע״ אנ ארטיקל וועגנ דער נאציאָנאלער פראגע.

> „טײַערער כאווער,—שרײַבט אימ איליטש,—באקומענ אונ איבערגעלייענט אײַער ארטיקל. די טעמע איז, לויט מײַנ מיינונג, גענומענ געוואָרנ גוט אונ פאנאנדערגעארבעט געוואָרנ ריכטיק. נאָר ניט גענוגנדיק ליטעראריש באארבעט. פאראנ פיל איבער דער מאָס—ווי מע זאָגט עס—„אגיטאציע״, וואָס פּאסט ניט פאר אנ ארטיקל איבער א טעאָרעטישער פראגע. אָדער איר אליינ, מיינ איכ, דארפט איבערמאכנ, אָדער מיר וועלנ פּרווונ״.

הייסט עס, דער אויסוואל פונ דער טעמע, איר פאנאנדעראר־בעטונג, די ליטערארישע באארבעטונג—אָט איז דרײַ מאָמענטנ, אפ וועלכע איליטש האָט געלייגט אכט.

דער אויסוואל פונ דער טעמע האָט א גוואלדיקע באדײַטונג. מע דארפ נעמענ א טעמע א פּאָליטיש וואָגיקע, וואָס האָט אנ אקטועלע באדײַטונג, וואָס רירט אָנ די סאמע פריש־צאפּלדיקע פראגנ.

מיר איז אויסגעקומען צו באַאָבאַכטן די אַרבעט פֿון דער רעדאַקציע „איסקראַ“. איך געדענק, ווי אַלזײַטיק מע פֿלעגט באַהאַנדלען יעדער טעמע. איך געדענק די לאַנגע שמועסן, דעם מיינונג־אויסשטויס צווישן פֿלעכאַנאָוו און לענינען וועגן דעם, וואָסערע טעמעס אויסצוקלײַבן. אַפֿילע די אָרדענונג פֿון צעשטעלן די טעמעס פֿלעגט לעבהאַפֿט באַהאַנדלט ווערן—וועלכע טעמע שטעלן אַפּריִער און וועלכע אָפּרוקן אַפֿן סאָף. און די רעדאַקציע פֿון „איסקראַ“, ווען זי פֿלעגט זיך צוזאַמענקלײַבן (אָדער דורך קאָרעספּאָנדענץ), פֿלעגט אַפֿן געניויסטן אויפֿן באַהאַנדלען יעטווידער טעמע—איר קאָמוניסטישן ספּעציפֿישן געוויכט. און אָט, באַאָבאַכטנדיק די רעדאַקציאָנעלע אַרבעט, בין איך ניט ווילנדיק געקומען צום באַוווסטזײַן, וואָס פֿאַר א גוואַלדיקע באַדײַטונג עס האָט דער אויסוואַל פֿון די טעמעס.

פֿאַרשטייט זיך, אַז פֿאַר דער „איסקראַ“ האָט דאָס געהאַט א באַזונדער באַדײַטונג. דעמלט איז ניט געווען קיין צ.אָ. „איסקראַ“ איז געווען דער איינציקער פּאַרטייִשער און ווירקלעכער אָנפֿירנדיקער אָרגאַן. דער פּעריאָד איז געווען אַזאַ, ווען עס איז נאָך אויסגעקומען צו געבן די סאַמע טעאָרעטישע און טאַקטישע גרונט־איינשטעלונגען. איצט איז די לאַגע אַן אַנדערע, דאָס אָנמערקן די טעמעס איז ניט אין פֿאַרגלײַך אַסאַך גרינגער, נאָר דאָך פֿאַרגעסט מען אָפֿט, וואָס פֿאַר א באַשליסנדיקע באַדײַטונג זי האָט. אין אַסאַך אונדזערע זשורנאַלן און צײַטונגען גייט דער אויסוואַל פֿון די טעמעס מיטן זעלבסטשטראָם. דאָ דאַרפֿן מיר זיך לערנען בא לענינען.

די פֿראַגע וועגן טעמאַטיק איז ענג פֿאַרבונדן מיט דער פֿראַגע וועגן פּלאַנירונג. דער אויסוואַל פֿון די טעמעס, זייער פֿאַנאַנדערשטעלונג—אָט דאָס איז דער פּלאַן. דער אַלגעמיינער כאַראַקטער פֿון פּלאַן ווערט באַשטימט דורך די אַלגעמיינע אויפֿגאַבן פֿון דער פּאַרטיי אַף דעם געגעבענעם צײַט־אָפּשניט, אין דעם געגעבענעם פּעריִאָד. וועגן דעם איז פּינקטלעך און דײַטלעך געזאָגט געוואָרן בא אילִיטשן אין זײַן פּראָ־יעקט פֿון דער מעלדונג דער רעדאַקציע פֿון „איסקראַ“ און „זאַריאַ“ (ב, IV). עס וואָלט אָבער געווען ניט ריכטיק צו קלערן, אַז אָט דאָס איז גענוג פֿאַר א זשורנאַל און דערהויפּט פֿאַר א צײַטונג. דער פּלאַן פֿון יעדן נומער אָריענטירט זיך אַף די אַקטועלע טאָג־פֿראַגן. ער דאַרף קאָנקרעטיזירן די אַלגעמיינע אײַנשטעלונגען, ווי ווײַט מעגלעך ענגער פֿאַרבינדן יעדן נומער מיטן פֿאָנעם פֿונעם שנעל־פֿליסנדיקן לעבן. אָן דעם וועט דער פּלאַן זײַן א טויטער.

פֿאַרשטייט זיך, אַז די באַדינגונגען פֿון דער אומלעגאַלער פּרעסע, פֿון אויסלענדישער אומלעגאַלער אויסגאַבע פֿלעגן ברענגען צו דעם, אַז די צײַטונג פֿלעגט אָנקומען אַפֿן אָרט דאַן, ווען די אָדער יענע פֿראַגע פֿלעגט שוין אויפֿקומען אין אַן אַנדער אופֿשניט. פֿונדעסטוועגן האָט איליטש שטענדיק געלייגט א באַזונדער אויפֿמערקזאַמקײַט אַף דער אַקטועלקײַט פֿון דער טעמאַטיק, אַף דעם טיפֿן פֿאַרבינדן די פּלאַנירונג מיטן לעבן.

ניט קיין קלענערע באַדײַטונג, ווי די טעמאַטיק, האָט פֿאַרן זשורנאַל, פֿאַר דער צײַטונג די צעטם אָפּהאַנדלונג פֿון דער טעמע. די אָפּהאַנדלונג פֿון דער טעמע באַשטימט די ריכטונג. די טעמע קען זײַן זייער געלונגען צוגעקליבן, נאָר די אָפּהאַנדלונג אירע באַשטימט, צי ריכטיק איז באַלויכטן די פֿראַגע; איינע און דיזעלבע טעמע קען מען באַאַרבעטן אַף פֿונעם שטאַנדפּונקט פֿון רעוואָלוציאָנערן מאַרק־

סיזם, אי פון א שטאנדפונקט א פאָלקיסטישן, אי פון א שטאנדפונקט א ליבעראלן. אינעם אָפּהאנדלען די טעמע ליגט דער טשוואָק פון דער פראגע. נאָר אויב אפילע די טעמע שרײַבן מענטשן פון איין ריכטונג, זײַנען אויסערגעוויינלעך וויכטיק די שאטירונגען, איז וויכטיק, וואָס ווערט ארויסגערוקט אפן פאָדערפלאַן, אפ וואָסערע מאָמענטן עס ווערט געלייגט א באזונדער אופמערקזאמקײַט, אין וועלכע פארבינדונגען און פארמיטלונגען די פראגע ווערט גענומען.

א יונגן זשורנאליסט איז באזונדערס וויכטיק אפ לענינס ארטיקלען צו דערלערנען, וויאזוי ער האָט אָפּגעהאנדלט טעמעס. דאָס ווערט פארגרינגערט דורך איליטשס מעטאָד פון שרײַבן ארטיקלען. איידער אָנשרײַבן אן ארטיקל, פלעגט ער געוויינלעך שרײַבן זײַן קאָנספעקט. נאָכן קאָנספעקט נאָך קען מען נאָכשפּירן איליטשס גאנצן געדאנקענגאנג. עס איז פאראן א ריי ארטיקלען, וואָס זייערע קאָנספעקטן האָט איליטש צו צוויי, צו דרײַ מאָל פאריכט; איז אָט, אינטערעסאנט צו פארגלײַכן דידאָזיקע קאָנספעקטן און באשטימען, פארוואָס פלעגט איליטש ענדערן דעם פּלאן פון ארטיקל און מיט וואָס איז דער געענדערטער פּלאן בעסער פאר פאָריקן פּלאן, אין וואָסער ריכטונג ענדערט ער די אָפּהאנדלונג פון דער טעמע.

אויך די צווייטע זײַט פון איניגע קען מען נאָכשפּירן לויט איליטשס ארטיקלען. פאר אים איז כאראקטעריסטיש, וואָס איינע און דיזעלבע טעמע טראקטירט ער אין פארשיידענע פעריאָדן פון דער אנטוויקלונג פון דער ארבעטער־באוועגונג אפ פארשיידענע שטופעס אירע. דער גרונט־געדאנק פארבלײַבט דערזעלבער, נאָר ער ווערט באלויכטן פון דער אנדער זײַט; אין די מער פריִיקע פעריאָדן ווערט זי גענומען מער טעאָרעטיש, אין די שפּעטערדיקערע—מער אגיטאציאָנעל. צום בײַשפּיל, נאָך אין די 90־קער יאָרן האָט איליטש אין די „פרײַנט פון פאָלק״ געשריבן וועגן דעם צוזאמענבונד פון די רעליגיעזע אָנשויונגען מיט די אָפּגעשטאנענע פאָרמען פון ווירטשאפט־פירונג, ער האָט אופגעדעקט די וואָרצלען פון דער כקירע „יעטווידער פאר זיך, און גאָט פאר אלעמען״. און דיזעלבע פראגע בארירט איליטש אפ דעם אומפארטייִשן מיטינג פון ארבעטער און רויטארמייער אין 1920 יאָר, ווען די פראגע וועגן אריבערגיין צו נײַע פאָרמען פון ווירטשאפט־פירונג ווערט אן אקטועלע טאָג־פראגע אָדער די פראגע וועגן מאלטוזיאניזם קלײַבט ער פאנאנדער אין די 90־קער יאָרן אין דעם ארטיקל „צו דער כאראקטעריסטיק פון עקאָנאָמישן ראָמאנטיזם״, דערווײַזנדיק די קליינבירגערלעכקײַט פון דער מאלטוזיאניזם־טעאָריע, און נאָכדעם קערט ער זיך אום צו דערדאָזיקער פראגע אין 1913 יאָר אין דעם ארטיקל „נעאָמאלטוזיאניזם און דער ארבעטער־קלאס״, ווען דידאָזיקע פראגע האָט זיך געשטעלט אפן צוזאמענפאָר פון דאָקטוירים. איז אָט זייער אינטערעסאנט צו פארגלײַכן די אָפּהאנדלונג פון די טעמעס אין דעם און אין יענעם פאל. איך האָב געבראכט בלויז א פּאָר בײַשפּילן.

אין לענינס ארטיקלען קען מען געפינען זייער פיל אזעלכע בײַשפּילן. אפ זיי קען מען זען, וואָס בעסער דארף מען ניט, וויאזוי לענין האָט פארבונדן די אָדער יענע פראגן, וואָס פלעגן פריִער פאנאנדערגעארבעט ווערן אין וויסנשאפטלעכן אופשניט, מיט די אקטועלע טאָג־פראגן פון פארשיידענע פעריאָדן, וויאזוי ער האָט גענומען די פראגע אין נײַע פארבינדונגען, פון א נײַער זײַט, אין א נײַער פּערספּעקטיוו.

מיר האָבן איינמאָל גערעדט מיט איליטשן אפ דער דראָזיקער טעמע אין 1922 יאָר, און ער האָט געהאלטן, אז עס וואָלט וויכטיק געווען, אז עמעצער זאָל באלייכטן דידאָזיקע פראגע. ווייל זי האָט א שייכעס צו דער פראגע וועגן דעם דיאלעקטישן צוגאנג צו דער טעמע. דידאָזיקע פראגע פאָדערט א גרויסע אויספאָרשערישע ארבעט. זי קען געבן זייער פיל.

אין דער רעדאקציע פון „איסקרא" זיינען געגאנגען זייער הייסע שטרייטן וועגן אָפּהאנדלען די טעמע. אלס סעקרעטאר פון דער רעדאקציע „איסקרא" בין איך בייגעווען באם באהאנדלען דידאָזיקע פראגן. דאָס באהאנדלען די טראקטירונג פון דער טעמע האָט אויסערגעווייגלעך פארטיפערט די גאנצע אוועקשטעלונג פון דער פראגע.

און ענדלעך די פראגע וועגן ליטעראַרישער אויספורעמונג. די אויספורעמונג דארף זיין אין איינקלאנג מיטן אינהאלט, די שפראך פונעם ארטיקל, דער טאָן דארף אנטשפרעכן דער ציל-איינשטעלונג פונעם ארטיקל. פאר אן ארטיקל אפ א טעאָרעטישער טעמע טויג ניט קיין אגיטאציאָנעלער טאָן, פאר אן אגיטאציאָנעלן ארטיקל טויג ניט קיין אקאדעמישע שפראך. די ליטעראַרישע אויספורעמונג—דאָס איז קונסט. דאָ איז וויכטיק דער טאָן, דער סטיל, די קענטעניש צו זאָגן בילדעריש, צו ברענגען די נייטיקע פארגלייכונג.

איליטש פלעגט צוגעבן דער אויספורעמונג א גרויסע באדייטונג, ער האָט פיל געארבעט איבער זיין שפראך, איבער זיין סטיל. וועגן איליטשס שפראך און סטיל האָט מען ניט ווייניק געשריבן. מיר איז געפעלן געוואָרן באזונדערס דער ארטיקל אין „לעפ", וואָס איז דערשינען טייקעף נאָך איליטשס טויט. אין דעמדאָזיקן ארטיקל איז באלויכטן געוואָרן די פראגע, וויאזוי די סטרוקטור פון איליטשס שפראך גיט איר צו ליידנשאפטלעכקייט, וויאזוי זי העלפט מיט אונטערצושטרייכן גרונט-געדאנקען, ניואנסן. וולאדימיר איליטש האָט זיך געלערנט אין דער קלאסישער גימנאזיע, פיל צייט האָט ער געפּאטערט אומזיסט אפ דערלערנען לאטיין און גריכיש. נאָך בא אים האָט זיך אופגעוועקט א אינטערעס צו שפראכקענטעניש. ער האָט געקענט שאָענווייז אָפּזיצן אפ פארשיידענע ווערטערביכער, אין דעם אויך איבער דאלס ווערטערבוך, וואָס וועגן ארויסגעבן אים פונדאָסניי האָט ער זיך באזונדערס געזאָרגט די לעצטע צייט. איליטשס שפראך איז רייך, ער באנוצט פיל פאָלקסטימלעכע רייד-ארטן, אויסדרוקן. זייער אָפט טרעפט, אז, ניט באמערקנדיק, אז דאָס איז א ציטאטע פון לענינען, שטעלן די קאָרעקטאָרן באם זייט ארום דעם אָדער יענעם רייד-אָרט אָדער אויסדרוק פראגע-צייכנס אָדער אויסרופ-צייכנס, אָדער זיי נעמען פאַשעט און פאריכטן לויט זייער אייגנזען. דערפאר איז די שפראך פון פיל זיינע באזונדערס אגיטאציאָנעלע ווערק נאָענט און פארשטענדלעך די מאסן.

וולאדימיר איליטש האָט פיל געארבעט אפ זיין שפראך. „קיין זאך וואָלט איך אזוי ניט געוואָלט,—האָט וולאדימיר איליטש געשריבן פון פארשיקונג צו פּ. ב. אקסעלראָדן,—ווי אויסלערנען זיך שרייבן פאר די ארבעטער". אין א בריוו פון פארשיקונג צו וולאדימיר איליטשס מוטער האָב איך באשריבן, וויאזוי איליטש פלעגט מיך אויסנוצן אין דערדאָזיקער זאך: אן אנדערש מאָל האָב איך געדארפט מיט זיך פאָרשטעלן אן „אומפארשטאנדיקן" לעזער, וואָס פארשטייט ניט קיין אויסלענדישע און אקאדעמישע טערמינעס, וואָס ווייס ניט אייניקע אלגעמיין-באוווסטע זאכן א.א.וו.

די קענטעניש אויסצופורעמעווענ—איז א קונסט. אונ וו. איליטש האָט באזונדערס געשעצטיענע מיטגלידער פונ רעדאקציע אונ מיטארבעטער, וואָס האָבנ פארמאָגט דעמ טאלאנט פונ אויספורעמענ. דאָס איז ניט נאָר א פראגע פונ סטיל אונ שפראכ, נאָר דער גאנצער מאניר פונ דער אנטוויקלונג אונ באלייַכטונג פונ דער פראגע. פונ אָט דער זייַט האָט וולאדימיר איליטש באזונדערס געשעצט אנאטאָלי וואסילעוויטשנ לונאטשארסקינ, ער האָט ניט איינמאָל גערעדט וועגנ דעמ. האָט עמעצער ארויסגעזאָגט א ריכטיקנ אונ אינטערעסאנטנ געדאנק, כאפט אימ אונטער אנאטאָלי וואסילעוויטש אונ אזוי שיינ, טאלאנטפול באווייַזט ער אויסצופורעמענ אימ, אָנטאָנ אינ אזא גלענצנדער פאָרמ, אז אפילע דער אווטאָר פונ געדאנק קענ זיכ ניט אָפוווּנדערנ, צי דענ איז עס זייַנ געדאנק. אזא פאָשעטער אונ אָפט א לעפישער, האָט זיכ אויסגעגאָסנ אינ אזא אומרערווארטעט פייַנער פארכאפנדיקער פאָרמ. מיר איז אויסגעקומענ עטלעכע מאָל צו בייַזייַנ בא די שמועסנ פונ וולאדימיר איליטש מיט אנאטאָלי וואסיליעוויטש אונ באאָבאכטנ וויאזוי זיי האָבנ „אָנגעלאָדנ" איינער דעמ אנדערנ.

איכ וועל אָנווייַזנ, וויאזוי איליטש האָט געארבעט מיט זייַנע מיטרעדאקטאָר אונ נאָענטסטע מיטארבעטער. מע מוז, לאָמיר זאָגנ, באלייַכטנ א וועלכע עס איז נייַע טעמע, שרייַבנ דריקט קיינער ניט קיינ אויס ווילנ, דאנ פארפירט איליטש א שמועס מיט דעמ, וואָס איז, לויט זייַנ מיינונג, אמבעסטנ צוגעפאסט אפ אָנשרייַבנ אפ דער געגעבענער טעמע, אונ הייבט אימ אָנ צו באארבעטנ. ער לייגט ניט פאָר גלייַכ שרייַבנ אפ דערדאָזיקער טעמע, נאָר ער הייבט אָנ מיט אימ שמועסנ וועגנ די פראגנ, וואָס ווערנ אָנגערירט אפ דער טעמע, וועקנ אנ אינטערעס צו זיי, שאפט בא אימ א געוויסע שטימונג, הערט וואָס וועט יענער זאָגנ. אנ אנדערש מאָל גייט עס ניט ווייַטער פונ דעמ, אונ איליטש נעמט זיכ פאר עמעצנ אנדערש, הייבט מיט אימ אָנ ריידנ, אונ ווענ ער זעט, אז עס גייט „אפ א וועג", הייבט ער אָנ דעטאלער צו באהאנדלענ די פראגע, לויט די רעפליקעס זעט ער, וויאזוי יענער וועט טראקטירנ די טעמע, זאָגט ער אימ דאנ גענוי ארויס זייַנ מיינונג, גענויער אנטוויקלט ער זייַנ שטאנדפונקט. אונ נאָכדעמ לייגט ער פאָר — „שרייַבט אָנ אפ דער דאָזיקער טעמע, בא אייַכ וועט זיכ גוט באקומענ". אונ דער מענטש נעמט זיכ א פארכאפטער פונ איליטשס צוגאנג אונ לייגט פאָשעט אָפט ארויס זייַנ מיינונג פאראנ אינ „וופעריאָד" אונ „פראָלעטארי" א גאנצע א ריי ארטיקלענ, פונ קיינעמ ניט אונטערגעשריבנ. איז אָט קומט פאָר א שטרייַט, ווער האָט אָנגעשריבנ דעמ דאָזיקנ ארטיקל: איליטש אָדער ווער עס איז אנדערש. אייניקע זאָגנ: „געוויס וולאדימיר איליטש, דאָס איז זייַנ אויסדרוק!" אנדערע זאָגנ: „עס הייבט זיכ ניט אָנ, דאָס האָט באשטימט געשריבנ דער — אונ — דער!" איז אָט שטרייַט מענ. עס איז קלאָר, אז דערמאָנענ זיכ איצט, ווער עס האָט געשריבנ דעמ אָדער יענעמ ארטיקל איז שווער, ניט בלויז די געוועזענע רעדאקטאָרנ האָבנ דאָס פארגעסנ, נאָר אפילע די אווטאָרנ אליינ האָבנ אָפט פארגעסנ—צי דאָס זייַנענ זייערע ארטיקלענ אָדער ניט. נאָר וואָס טרעט דאָ יאָ ארויס מיט דער גאנצער קלאָרקייַט—דאָס איז, וואָס אומאָפהענגיק פונ דעמ, ווער עס האָט געשריבנ די דאָזיקע ארטיקלענ, צו זענ, אז זיי זייַנענ אָנגעשריבנ, אויב ניט דורכ וולאדימיר איליטשנ אליינ, איז בא זייַנ אָנטייל איטעמ אויסוואל, אינ

דער באהאנדלונג פונ דער טעמע. וולאדימיר איליטשס ווירקונג אפ די אווטאָרנ האָט געהאט אנ אָרט סײַ אינ די ווענט פונ רעדאקציע, סײַ אויסער זיי, דאָ האָט זיכ ארויסגעוויזנ די ווירקונג פונ זײַנ גאנצער רעוואָליוציאָנערער טעטיקײַט, פונ זײַנע ארויסטרעטונגענ אפ די פארזאמלונגענ, די ווירקונג פונ זײַנע ארטיקלענ אונ אנד.

עס איז כאראקטעריסטיש וולאדימיר איליטשס באציִונג צו די אווטאָרנ. אויב עס האָט זיכ געהאנדלט וועגנ פערזאָנענ, וואָס האָבנ זיכ פּאָליטיש אויסגעפורעמט, וועגנ מענטשנ, געניטע אינ פּאָליטיק, פלעגט צו זיי געשטעלט ווערנ באשטימטע פאָדערונגענ. כאראקטעריסטיש איז דער בריוו צו גאָרקינ מיקויעכ דער מעלדונג פונ די „וופּעריאָדאָווצעס" וועגנ זייער גרייטקײַט מיטצוארבעטנ אינ „פּראוודא".

> „אײַער פרייד צוליבנ אומקערנ זיכ פונ די וופּעריאָדאָווצעס בינ איכ גרייט טיילנ מיט אײַכ פונ גאנצנ הארצנ, אויב... אויב עס איז ריכטיק אײַער הא־שאָרע, אז דער „מאכיזמ", „גאָטבויערײַ" אונ דידאָזיקע אלע שטיק זײַנענ אפ אייביק אוועק, ווי איר שרײַבט. אויב דאָס איז אזוי, אויב דאָס האָבנ די וופּעריאָדאָווצעס פארשטאנענ אָדער וועלנ פארשטיינ איצט, דאנ פארייניק איכ זיכ הייס צו אײַער פרייד צוליב זייער אומקערנ זיכ. נאָר איכ שטרײַכ אונטער „אויב", מאכמעס דערווײַל איז עס נאָכ מער א ווונטש, ווי א פאקט...

און ווײַטער:

> „אויב זיי האָבנ פארשטאנענ,—טויזנט גרוסנ זיי, אונ אלדאָס פערזענלעכע (וואָס עס האָט אומפארמײַדלעכ ארײַנגעטראָגנ דער שארפער קאמפ) וועט פאר א מינוט אָפּגעווישט ווערנ. נו, אונ אויב זיי האָבנ ניט פארשטאנענ, ניט אויס־געלערנט זיכ, טאָ האָט קיינ טײַנעס ניט: כאווערשאפט איז כאווערשאפט אונ דינסט איז דינסט: פאר די פּרווונ צו מעוואזע זײַנ דעמ מארקסיזמ אָדער פלאָנ־טערנ די פּאָליטיקאפונ דער ארבעטער־פּארטיי וועלנ מיר מילכאָמע האלטנ, ניט שוינענדיק דאָס לעבנ" [1].

דערפארענע פּאָליטישע טוער ווערט ארויסגעשטעלט א באשטימטער אולטימאטומ—פּרינציפּיִעלע אויסגעהאלטנקײַט. צו יונגע שרײַבער אָנפאנגער איז די באציִונג אנ אנ־דערע — אנ אופמערקזאמע, זאָרגעוודיקע, א גאנצע ריי אָנווײַזונגענ, וויאזוי צו פאריכטנ די פעלערנ. אויב וולאדימיר איליטש האָט געזענ, אז א יונגער אווטער־אָנפאנגער מאכט פונ ניטדערפארנקײַט, פונ פארכאפונג, אפילע פּרינציפּיִעלע פעלערנ, אָבער ער איז פײַיִק צו לערנענ זיכ, האָט וולאדימיר איליטש ניט געזשאלעוועט קיינ צײַט אפ העלפנ אימ, ניט איינמאָל, נאָר צוויי אונ דרײַ מאָל איז ער גרייט געווענ איבערפאריכטנ דעמ ארטיקל פונ דעמדאָזיקנ אווטער, ביזוואנענ ער וועט ניט בא־קומענ דעמ געהעריקנ אויסזענ. באמ קאָרעגירנ אנ ארטיקל האָט זיכ וולאדימיר איליטש געסטארעט ניט אָפּצווישנ די אינדיווידועלקײַט פונעמ אווטער. נאָר אָפטער פלעגט טרעפנ, אז וולאדימיר איליטש פלעגט פאנאנדערזאָגנ, אלעמאָל זייער פאָר־

[1]) לעניִנ ב. XVI, זײַט 221, 3־טע אויסגאבע.

זיכטיק, אָפּט דורך אָנצוהערענישן דעם אווטער אליין, וועלכע אויסבעסערונגען מע דארף אריינטראָגן אין ארטיקל.

אינטערעסאנט איז אין דערדאָזיקער הינזיכט וולאדימיר איליטשס בריוו צו באָריס קניפּאָוויטשן. געווען איז ער נאָך גאָר א יונגערמאן, נאָר וואָס האָט זייער פיל און פלייסיק געלערנט זיך. ער האָט צונויפגעשטעלט א ביכל „צו דער פראגע וועגן דער דיפערענציאציע פון דער פויערשער ווירטשאפט". אין ביכל זיינען געווען ניט קיין געלונגענער פארופן זיך אף פּ. מאסלאָוון (א מענשעוויק, וואָס האָט פיל געשריבן וועגן דער אגרארער פראגע, מיט מאסלאָוון איז בא וולאדימיר איליטשן געווען פיל שטרייטן), עטלעכע ניטריכטיקע צוגאנגען. וולאדימיר איליטש שרייבט באָריסן א לאנגן בריוו, וועלכער ווערט פארפאלן. דאן כאזוערט אים איבער וולאדימיר איליטש נאָך א מאָל. דער בריוו הייבט זיך אָן מיט די ווערטער: „טייערער קאָלעגע". ער הייבט אָן פון לויבן אים: מיט גרויס פארגעניגן האָב איך איבערגעלייענט אייער בוך און בין זייער צופרידן געווען צו זען, אז איר האָט זיך גענומען פאר א גרויסער ערנסטער ארבעט. אף אזא ארבעט דורכקאָנטראָלירן, פארטיפערן און פארפעסטיקן די מארקסיסטישע איבערצייגונגען וועט זיך אף געוויס פולשטענדיק איינגעבן[1]). פאָרזיכטיק זייער, נאָר ווי מע זאָגט: מע דארף זיך לערנען ווי ווייט מעגלעך גרינטלעכער מארקסיזם. און ווייטער: „איבער די רייען ציפערן, ציי ווערן אָפּטמאָל ניט ארויסגעלאָזן פון אויג די *טיפּן* ווירטשאפטן" (א טאקעפער באלעבאָס — בורזשוא, א מיטעלער באלעבאָס, א האלב-פּראָלעטאריער, א פּראָלעטאריער)? די באמערקונגען ווערט געמאכט אין דער פאָרם פון א פראגע. און אזויווי דער אווטער האָט ניט געקענט ניט פארשטיין די ערנסטקייט פון דעם פאָרוואורף, סטארעט זיך וולאדימיר איליטש טייקעף צו דערקלערן די קוועלן פון די פעלערן. „דידאָזיקע געפאר איז *זייער* גרויס צוליב די *אייגנשאפטן* פונעם סטאטיסטישן מאטעריאל. די רייען ציפערן פארכאפּן. איך וואָלט געראטן דעם אווטער צו דיסקאָנטירן דידאָזיקע געפאר; אונדזערע „קאטעדרענע" *שטיקן* אומבאדינגט אף אזא אויפן דעם לעבעדיקן מארקסיסטישן אינהאלט פון די אָנגאבן (באָריס האָט אין אוניווערסיטעט געארבעט אין סעמינאר אונטער דער אָנפירונג פון טוגאן-באראנאָווסקי—נ. ק.). מע דערטרינקט דעם קלאסן-קאמף אין רייען און רייען ציפערן. באם אווטער איז דאָס *ניטאָ*. אָבער אין א גרויסער ארבעט, וואָס ער נעמט פאָר, מוז מען דידאָזיקע געפאר, דידאָזיקע „ליניע" פון די „קאטעדרעס", ליבעראלן און פאָלקיסטן ביז גאָר דיסקאָנטירן. דיסקאָנטירן און *אָפּשניידן* זי, פארשטייט זיך. און ווייטער וועגן מאסלאָוון. ענדלעך עפּעס (Deus ex machina (פון הימל הויט—נ. ק.) מאסלאָוו. פארוואָס? וויאזוי? צוליב וואָס? פון מארקסיזם איז דאָך זיין טעאָריע זייער ווייט. ריכטיק רופן אים אָן די פאָלקיסטן „קריטיקער" (אָפּאָרטוניסט)". און ווידער א פרעג-פאָרמע און א וועג צו בארעכטיקן דעם אווטער. „עפּשער האָט זיך דער אווטער אף אים פארטרויט מער צופעליק, עפּשער קען זיין?" און דער שלוס: „אזעלכע זיינען מיינע געדאנקען באם לייענען דעם אינטערעסאנטן און ערנסטן בוך. איך דריק די האנט און ווינטש דערפאָלג".

1) לענין ב. XV, זייט 510, דריטע אויסגאבע.

אָט אזוי האָט איליטש געהאָדעוועט יונגע אווטערן. דידאָזיקע גאנצע גוואלדיקע איליטשעס רעדאקטערישע ארבעט — א מינדלעכע, איז מערסטנטייל ערגעץ ניט פאר־פיקסירט. און זי איז זייער גרויס. איליטש האָט זייער געזאָרגט וועגן „מאכן היימיש אווטערן“. ער האָט זיך געסטארעט אומבאדינגט געבן אן ארטיקל פון לעם אווטער, וואָס מע האָט אים געדארפט צוציִען.

צו מיר פלעגט וולאדימיר איליטש אָנווענדן דיזעלבע פעדאגאָגישע מעטאָדן. ווען איך האָב געשריבן אין פארשיקונג מײַן ערשטע בראָשור „די פרוי — די אר־בעטערן“, האָט וולאדימיר איליטש געגעבן קאָלערליי אייצעס. קיין אויסלאנד איז וולאדימיר איליטש אוועקגעפאָרן פריִער פון מיר, מיטנעמענדיק אהין אויך דעם מאנוסקריפט „די פרוי — די ארבעטערן“. נאָכדעם האָט ער געשריבן אין א בריוו כעמיש פון מינכען, אז די רעדאקציע „איסקרא“ האָט באשלאָסן ארויסצוגעבן די בראָשור אומלעגאל און האָט מיטגעטיילט דעם אָפרוף פון ווערא איוואנאָווא זאסו־ליטש. ווערא איוואנאָוונע איז די בראָשור זייער געפעלן געוואָרן, אייניקע ערטער האָט מען, לויט איר מיינונג, געדארפט אָנשרײַבן אנדערש, נאָר זי האָט געזאָגט, אז די בראָשור „איז אָנגעשריבן מיט ביידע לאפעס“. געבנדיק מיר אייצעס, האָט וולאדימיר איליטש אויך מיט מיר גערעדט, ווי מיט אנדערע אווטערן־אָנפאנגער: „צי דוכט זיך דיר ניט, אז דעמדאָזיקן אָרט וואָלט בעסער געווען צו זאָגן אזוי? דערווייסנדיק זיך, אז איך שרײַב אפּ א וועלכער עס איז פראגע, פלעגט וולאדימיר איליטש אָפּט גע־פינען פאר מיר א וועלכן עס איז אינטערעסאנטן מאטעריאל — אן אויסשניט פון אן אויסלענדישער צײַטונג, א סטאטיסטישע טאבעלע און אנד. אגעוו, אין די פריִערדיקע צײַטן, ביזן 17־טן יאָר, האָב איך געשריבן זייער ווייניק. אין „פראוודא“, צום בײַ־שפּיל, האָב איך ניט געקענט באשליסן צו שיקן קיין איין ארטיקל.

נאָר באזונפערס האָט וולאדימיר איליטש צוגעגעבן א באדײַטונג דעם צוציִען אווטערן־ארבעטער. פריִער, פארן אָפּפאָרן קיין אויסלאנד, דערעדט ער זיך מיט באבושקינען (אן ארבעטער־מעטאליסט פון הינטער נעווסקער זאסטאווע), אז יענער וועט שיקן אין „איסקרא“ קאָרעספּאָנדענצן, וועט ווערבירן ארבעטער־קאָרעספּאָנ־דענטן און אווטערן. לעבנדיק אין פארשיקונג אין אופא, האָב איך אויך ווערבירט ארבעטער אפּ שרײַבן אין „איסקרא“. דאָסזעלבע האָבן געטאָן אויך אנדערע אגענטן פון „איסקרא“. דער כ' נאָגין, וואָס האָט געארבעט אין זײַן צײַט אלס פארבער אפּ א טעקסטיל־פאבריק, וואָס האָט געוווינט אין אָט דער צײַט (אין נאָיאבער 1900 י.) אין לאָנדאָן און וואָס האָט זיך געקליבן פאָרן קיין רוסלאנד, האָט וולאדימיר איליטש געשריבן וועגן דער נייטיקייט אָנצובינדן די סאמע ענגע באציִונגען מיט דער „איסקרא“, אָרגאניזירן קרײַזן (אפּ דער איצטיקער שפּראכ — בריגאדעס) אפּ צושטעלן יעדיִעס אין דער „איסקרא“, אפּ שרײַבן קאָרעספּאָנדענצן א. אנד.

> „מיר לייגן אפּ אײַער מיטארבעטערשאפט, — האָט איליטש געשריבן צו נאָגינען, — גרויסע האָפענונגען, — דערהויפּט אין דער זאך פון דירעקטע פאר־בינדונגען מיט די ארבעטער אין פארשיידענע ערטער. צי איז אײַך צום הארצן אזא ארבעט? איר האָט גאָרנישט קעגן ארומפאָרן? — זי וואָלט, ווארשײַנלעך, געפּאָדערט שטענדיקע ארומפאָרענישן“.

איך געדענק, ווי וולאדימיר איליטש האָט זיך געפרייט מיט יעטווידער ארבעטער־קאָרעספּאָנדענצ. מיט אים צוזאמענ האָט זיך געפרייט די גאנצע מינכענער טייל רעדאקציע, ד. ה. מארטאָוו אונ ווערא איוואנאָוונא זאסוליטש. די ארבעטער־קאָרעספּאָנדענצנ האָט מענ געהאלטנ אינ לייענענ אונ איבערלייענענ. געוויינלעכ פלעגט מענ זיי שרייבנ אינ יענער אייגנארטיקער שפראכ, וואָס אפ איר האָט דעמלט גערעדט דער פאָרגעשריטענער שיכט ארבעטער, אינ זייער שפראכ איז געווענ פיל נייע ווערטער אונ טערמינעס, נאָר באנוצט האָט מענ זיי אָפט מיט אייגנארטיקע ניואנסנ, אָפט ניט ריכטיקע, אינ ניט קיינ ריכטיקע קאָמבינאציעס. מע האָט געראפט קאָרעגירנ דידאָזיקע ארבעטער־קאָרעספּאָנדענצנ. וולאדימיר איליטש האָט זיך זייער זאָרגזאם באצויגנ צו דעמדאָזיקנ איניענ. ער האָט זייער געזאָרגט, אז עס זאָל אייַנגעהיט ווערנ דער גייַסט, דער סטיל, די אייגנארטיקייט פונ דער קאָרעספּאָנדענצ, זיי זאָלנ ניט אָנווערנ זייער קאָליר, זיי זאָלנ ניט פאראינטעליגענטעוועט ווערנ צופיל, זיי זאָלנ אייַנהיטנ זייער אויסזענ. דידאָזיקע ארבעט איז אינ א באדייַטנדיקער מאָס געפאלנ אויכ אפ מיר, ווייַל איך האָב שוינ געהאט א געוויסע דערפארונג אינ קאָרעגירנ ארבעטער־ווערק, א דערפארונג, וואָס איך האָכ באקומענ אינ דער זונטיקדיקער אָוונט־שול אינ פּיטער הינטער דער נעווסקער זאסטאווע, ווו איך האָב געארבעט 5 יאָר. וולאדימיר איליטש האָט געזוענ מייַנ קאָרעקטור. פונ דער דעמלטיקער שפראכ פונ דעם פאָרגעשריטענעם ארבעטער פלעגנ פיל טוער אפ די ערטער ארייַנפאלנ אינ פארלעגנהייט. זיי פלעגנ אונדז שיקנ ניט קיינ אָריגינאלנ, נאָר קאָרעספּאָנדענצנ אינ א „באארבעטנ" אויסזענ, אינ רעזולטאט פונ באארבעטונג פלעגט זיך אָפט באקומענ, אז פונ די קאָרעספּאָנדענצנ פלעגט אויסגעטיילט ווערנ דאָס סאמע וויכטיקסטע, עס פלעגט אָפּגעריבנ ווערנ זייער ארבעטערשער אָנבליק וולאדימיר איליטש האָט זיך שטענדיק געבייזערט אונ איז באשטאנענ אפ דירעקטע פארבינדונג מיט די ארבעטער. די ערטער האָבנ זיי געגעבנ ניט זייער גערנ, מאָטיווירנדיק מיט דער מוירע פאר א דורכפאַל.

וויאזוי וולאדימיר איליטש האָט געהאלטנ טייַער די דירעקטע פארבינדונגענ מיט די אַרבעטער איז צו זענ פונ זייַנ בריוו פארנ 16־טנ יונ 1902־טנ יאָר צו איוואנ איוואנאָוויטש ראדטשענקאָ.

„טייַערער פרייַנט,—שרייַבט ער,—עס האָט זייער דערפרייט אייַער מיטיילונג וועגנ דעם שמועס מיט די ארבעטער... אונדז קומט אויס ביז גאָר זעלטנ באקומענ אזוינע בריוו, וועלכע גיבנווירקלעכ צו א שלאל מונטערקייַט. גיט עס איבער אומבאדינגט אייַערע ארבעטער אונ גיט זיי איבער אונדזער ביטע, אז זיי זאָלנ אליינ אויכ שרייַבנ אונדז ניט בלויז פאר דער פּרעסע, נאָר אויכ אזוי, צוליב א מיינונג־אויסטויש. קעדיי ניט אָנווערנ די פארבינדונג איינער מיטנ אנדערנ אונ דאָס קעגנזייַטיקע פארשטיינ. מיר פּערזענלעכ אינטערעסירט באזונדערס דערבייַ, וויאזוי וועלנ זיך באציִענ די ארבעטער צו „וואָס טאָנ", ווייַל אָפּרופנ פונ ארבעטער האָב איך נאָכ ניט דערהאלטנ.

אלזאָ, פארבינדט דירעקט מיט אונדז אייַער קרייַזל ארבעטער, אונ אויכ מאניענ (קאָמיטעט פונ די ארבעטער. אינ יענער צייַט האָבנ אינ פּיטער עקזיסטירט צוויי פּארטיי־קאָמיטעטנ: איינער אנ ארבעטערשער, מיר האָבנ אים

אין די בריוו געראפנס מאניע, און דער צווייטער אן אינטעליגענטישער — וואניע — נ. ק.), דאָס איז זייער וויכטיק און וועט זייער פּאַרפּעסטיקן סײַ די דער־נעענטערונג זייערע צו „איסקראַ" סײַ אײַער פּאָזיציע צווישן זיי. און ווײַטער, אויב עס זײַנען פאַראַן פון מאניעס פירער ווירקלעכ פייִקע מענטשן, וואָלט גוט געווען, ווען איינער פון אײַך קומט צו אונדז צו פאָרן: גיט זיי אויף דעמדאָזיקן געדאַנק און גיט א רייד, ווי קוקן זיי אפ דעם"[1].

אָבער וולאַדימיר איליטש האָט געוואָלט באקומען ניט נאָר קאָרעספּאָנדענצן פון די ארבעטער, אים האָט זיך געוואָלט, אז די ארבעטער זאָלן שרײַבן אין „איסקראַ" אויכ ארטיקלען. לויט וולאַדימיר איליטשס אופטראָג האָב איך געשריבן באַבושקינען מיר האָבן אים גוט געקענט; באַבושקין האָט זיך געלערנט בא מיר אין גרופּע אין דער זונטיקדיקער אָוונט־שול און גלײַכצײַטיק איז ער אריין אין קרײַזל, ווו וולאַדימיר איליטש האָט געפירט די לימודים): „מיר האָבן צו אײַך א ביטע. קריגט אין ביבליִאָטעק די „רוסקאָיע באָגאַטסטוואָ". אָנהייבנדיק פון דעקאבער פאָריקן יאָר. דאָרטן האָט איינער א דאָדאָנאָוו אָנגעשריבן א העסלעכן ארטיקל וועגן איוואנאָווא־וואָזנעסענסק, ווו ער סטאַרעט זיך פאַרצושטעלן די איוואנאָוואָ־וואָזנעסענסקער ארבעטער, אז זיי זײַנען פרעמד יעטווידער סאָלידארישקײַט. אָן קיינע שום באדערפענישן און שטרעבונגען. דאָרטן גופא האָט שעסטערנין אָפּגעלייקנט דאָדאָנאַוון. דאָדאָנאָוו האָט אָנגעשריבן אן ארטיקל א נאָך מער העסלעכן און דאן האָט די „רוסקאָיע באָגאַטסטוואָ" געמאָלדן, אז זי הערט אוף די ווײַטערדיקע באַהאנדלונג פון דער פראגע. לייענט איבער דידאָזיקע ארטיקלען (אויב מע דארף, טאָ קויפט די נויטיקע נומערן „רוסקאָיע באגאַטסטוואָ" אפ אונדזער רעכענונג) און שרײַבט אָן וועגן דעם אן ארטיקל אָדער א נאָטיץ (איך האָב אָנגעשריבן אין בריוו „א נאָטיץ", וולאַדימיר איליטש האָט, דורכ־קוקנדיק אים, ארײַנגעשטעלט „אן ארטיקל אָדער א נאָטיץ". — נ. ק.), סטאַרעט זיך אופקלײַבן ווי ווײַט מעגלעכ מער פאקטישע מאַטעריאַלן. זייער וויכטיק וואָלט געווען אָפּמערקן אין „איסקראַ" (וולאַדימיר איליטש האָט ארײַנגעשטעלט אָדער אין „זאַריאַ" אים האָט זיך געוואָלט, אז אין א גראָבן וויסנשאפטלעכן זשורנאַל זאָל דערשײַנען אן ארטיקל פון אן ארבעטער) אָדער אין „זאַריאַ" אן אָפּלייקענונג פון דעמדאָזיקן שטוס מיצאד אן א ר ב ע ט ע ר (דעם וואָרט „ארבעטער" האָט איליטש אונטערגעשטראָכן דרײַ מאָל. — נ.ק.), וואָס איז נאָענט באקאַנט מיטן לעבן פון איוואנאָווא־וואָזנעסענסק". דידאָזיקע האקכאָשע האָט אָנגעשריבן באַבושקין און האָט זיך אויסגעגאָסן אין א גאַנצער בראָשור, וואָס איז אָפּגעדרוקט אלס בײַלאגע צום נומער 9 „איסקראַ" פון אָקטיאבער 1901 יאָר אונטערן קעפּל „אין דער פאַרטיידיקונג פון די איוואנאָוואָ־וואָזנעסענסקער ארבעטער" מיטן אונטערשריפט: „אן ארבעטער פאַר די ארבעטער".

אזוי האָט פערבירט ארבעטער־קאָרעספּאָנדענטן און ארבעטער־אויטערן וולאַדימיר איליטש. ציטן זײַנען דעמלט געווען אזעלכע, אז דידאָזיקע ארבעט האָט געפאָדערט א קאָמפּליצירטע קאָרעספּאָנדענץ, דאָס אײַנאָרדענען קאָנספּיראַטיווע באַציִונגען,

---

1) לעניג ב. VIII ז. 256.

ארבעטער־קאָרעספּאָנדענטנ און אווטערנ זײַנענ דעמאלט געווענ געציילטע. אינ דער מאָס, ווי עס איז געוואקסנ די באַוועגונג איז געוואקסנ זייער צאָל, וואָס עס האָט זייער געפרייט איליטשנ. איצט זײַנענ שוינ די ארבעטער־קאָרעספּאָנדענטנ א שטארקע מעכטיקע ארמיי.

# לענינ און די „פּראַוודא".

ווענ אינ מײַ 1912 יאָר האָט אָנגעהויבנ ארויסגייג די „פּראַוודא" און עס האָט זיכ אָנגעהויבנ שפּירנ א באַשטימטער רעוואָליוציאָנערער אופשטײַג, האָט די גאנצע רעדאקציע פונ צ. אָ. אינ אָנהייב יול איבערגעקליבנ זיכ פונ פּאריזש קיינ קראקאָוו, נעענטער צומ גרענעצ, ווו מע האָט שטענדיק געקענט זענ זיכ מיט די רוסישע כא־ ווײרימ און נעמענ א פיל מער דירעקטערנ אָנטייל אינ אָנפירנ מיט דער באַוועגונג, רעגולער שרײַבנ אינ „פּראַוודא" און אינ „זוועזדא". די ערשטע צײַט האָבנ די באַציִונגענ מיט „פּראַוודא" זיכ ניט געלאָזט אײַנשטעלנ.

די „פּראַוודא" האָט זיכ ניט מיטאמאָל זעלבסטבאַשטימט. זי איז געווענ אנ ארבע־ טער־צײַטונג. וויאזוי קלײַבט מענ אויס פאר א לעגאלער טעגלעכער צײַטונג, וואָס איז ענג פאַרבונדנ מיט די ארבעטער־מאסנ, טעמעס, וויאזוי ארבעט מענ זיי פאנאנ־ דער? די מאסע איז שוינ געווענ נימ די, וואָס אינ 1905 יאָר. נאָר צי קענ מענ מיט איר באַהאנדלענ אלע קאָמפּליצירטע ריינ פּאַרטייִשע פראגנ? צי ווערט זי פאַרשטיינ? צי איז ניט בעסער די פּאַרטייִשע פראגנ צו באַהאנדלענ בלויז אינ „זוועזדא", וואָס איז אויסגערעכנט אפ די פּאַרטייִשע טוער און דעמ אויבערשטנ שיכט פונ די מער באַוווסטזיניקע ארבעטער? די פראגע איז געבליבנ אָפנ, די רעדאקציע האָט זי נאָכ ניט געלייזט, און דערווײַל האָט די צײַט ניט געווארט. פריִער האָב איכ שוינ געבראכט איליטשס שטאַנדפּונקט אפנ כאַראַקטער פונ די טעמעס, וואָס דארפנ באַהאנדלט ווערנ אינ אנ ארבעטער־צײַטונג. ער האָט געהאלטנ, אז מיט דער ארבעטער־מאסע דארפ מענ באַהאנדלענ אלע פּאַרטייִשע פראגנ, וואָס אינטערעסירנ איר.

און וולאדימיר איליטש האָט זייער נערווירט איבער דעמ, וואָס די „פּראַוודא" פירט ניט קיינ קאמפּ מיט די ליקווידאטערס, וואָס דאָס איז באַזונדערס נייטיק געווענ צוליב דער פאָרשטייענדיקער וואל־קאמפּאניע.

> „איר ווייסט פונ דער דערפאַרונג,—האָט איליטש געשריבנ אינ רעדאקציע פונ „פּראַוודא",—אז אויכ צו אײַערע צענזור־קאָרעקטיוונ באַצי איכ זיכ מיטנ גוואלדיקנ געדולד, אָבער די ראדיקאלע פראגע פאָדערט א גלײַכנ ענטפער: מע טאָר ניט איבערלאָזנ א מיטארבעטער אָנ אינפאָרמאציע, צי האָט בעדייע די רעדאקציע פירנ דעמ אָפּטייל וועגנ די וואלנ פונ דער צײַטונג קעגנ די ליקווידאטערס, אָנרופנדיק זיי קלאָר און דײַטלעכ, אָדער פאר־ קערט. קיינ מיטנ איז ניטאָ און עס קאָנ ניט זײַנ. אויב דעמ ארטיקל („וועגנ דער וואל־פּלאטפאָרמ", וואָס וולאדימיר איליטש האָט אוועקגעשיקט אינ „פּראַוודא"—נ. ק.) מוז מענ אזוי אָדער אנדערש אָפּדרוקנ" (ווי עס שרײַבט דער סעקרעטאר פונ רעדאקציע), טאָ ווי זאָל מענ פאַרשטיינ וויטימסקענ (איינעמ

פון די „פראוודא"־רעדאקטערס—נ. ק.): „עס ברענגט שאָדן דער צאַרנדיקער טאָן?" פון וועלכער צײַט איז דאָס דער צאַרנדיקער טאָן קעגן דעם, וואָס איז שלעכט, שעדלעך, ניט ריכטיק (און די רעדאקציע איז דאָך „פרינציפיעל" מאסקים!) ברענגט שאָדן דער טעגלעכער צײַטונג??" [1]

דער ארטיקל „וועגן דער וואַל־פּלאטפאָרמע" איז דאָך ניט אָפּגעדרוקט געוואָרן. און שיקנדיק דעם ווײַטערדיקן ארטיקל „סאכאקלעגן פון א האלביאַריקער ארבעט", שטעלט אילײטש ארויס אַן אולטימאטום: אָדער דרוקן אינגאנצן, אָדער אומקערן אים. דידאָזיקע מיינונג־פאַרשיידנהײַטן שטערן אים ניט פונדעסטוועגן צו זען די גאנצע גוואַלדיקע באַדײַטונג פון שאפן די „פראוודא". דעם ארטיקל „סאכאקלעגן פון א האלביאַריקער ארבעט" הייבט ער אָן מיט די ווערטער: „אוועקשטעלנדיק א טעגלעכע ארבעטער־צײַטונג, האָבן די פעטערבורגער ארבעטער אופגעטאָן א גרויסע, אָן א גוזמע זאָגנדיק, היסטאָרישע זאך". דער גאנצער ארטיקל באווײַזט וואָס מע דארף ניט בעסער וויאזוי אילײטש האָט [נאָכגעשפּירט נאָך דער „פראוודא", נאָך דער באַציִונג צו איר מיצאד די ארבעטער, וויאזוי עס האָט אים געפרייט דאָס אקטיווע אונטערשטיצן די „פראוודא" מיצאד די „ארבעטער־מאסן". דער ארטיקל איז געוואָרן אָפּגעדרוקט אין די נומערן 78, 79, 80 און 81 פון „פראוודא".

די פראגע איז געלייזט געוואָרן, אזוי, ווי עס האָט געהאלטן פאַר ריכטיק לעניג, און דער ווײַטערדיקער בריוו אילטשס אין רעדאקציע (פון 8 סענטיאבער) איז שוין געווען א מעד ווייכערער.

„באנוצנדיק זיך מיטן פאל,—שרײַבט ער צווישנאנאנד,—צו באגריסן וויטימסקען (איך האָפּ אז איך וועט ניט זײַן שווער איבערצוגעבן אים דעמדאָזיקן בריוו) מיט דעם מערקווירדיק געלונגענעם ארטיקל, וואָס איך האָב הײַנט דערהאלטן אין „פראוודא" (№ 98). אויסערגעוויינלעך צו דער רעכטער צײַט איז גענומען געוואָרן די טעמע און איז פאנאנדערגעארבעט אין א קורצער, אָבער אין א קלאָרער פאָרם אויסגעצייכנט.

עס וואָלט גוט געווען ביכלאל פון צײַט צו צײַט דערמאָנען, ציטירן און אויסטײַטשן אין „פראוודא" סטשעדרינען און אנדערע שרײַבער פון דער „אלטער" פאָלקיסטישער דעמאָקראטיע. פאַר די לעזער פון „פראוודא"—פאַר די 25000—וואָלט עס געווען אפּן אָרט אינטערעסאנט און עס וואָלט זיך באקומען די באלײַכטונג פון די איצטיקע פראגן פון דער ארבעטער־דעמאָקראטיע פון אַן אנדער זײַט, מיט אַן אנדער שטים".

דעם 12־טן סענטיאבער איז געקומען קיין פיטער סטאלין און האָט אָנגעהויבן העלפן דער „פראוודא" אין דורפירן א ריכטיקע פארטייישע ליניע.

יעדער ארטיקל וולאדימיר אילײטשס אין „פראוודא" איז א רוף—א דירעקטער אָדער אומדירעקטער—צו אָרגאניזאציע, צו טאט. דער ארטיקל „סאכאקלעגן פון א האלביאַריקער ארבעט"—איז א רוף צו מאסן־אָרגאניזאציע ארום דער „פראוודא"

---

1) פון דער עפּאָכע פון „זוועזדא" און „פראוודא" העפט III, זײַט 193.

יעדן מאָל, ווען מע באקומט געהאלט, ארײַנטראָגן אפ דער „פּראַוודא״ א קאָפּיקע).

„א שלעכטע פּארטיי־דיקונג״ אין דעם נומער 96 פון „פּראַוודא״ — איז אן אומדירעקטער רוף דורכ שטרײַקן קעמפן פאר העכערן דעם ארבעטלוינ. אין דעם ארטיקל „די ליקווידאטערן און די „איינהייט״ אין דעם נומער 99 איז ווידער א רוף צו „פּאריייניקן זיכ ארום דער „פּראַוודא״. אין דעם ווײַטערדיקן ארטיקל אין דעם נומער 105 „אין דער שווייצ״ איז אן אומדירעקטער רוף צום קאמפ מיטן אָפּאָרטוניזם. אין דעם ווײַטערדיקן ארטיקל אין דעם נומער 118 „וועגן נ. ס. פּאָליאנסקיס בריוו״ — איז א ווענדונג צו די פּויערים מיט א רוף צו שרײַבן אין „פּראַוודא״ וועגן ערד, גיין אפן וועג פון א פארבאנד פון די לוין־ארבעטער און צערוינירטע פּויערים. אין דעם ווײַטערדיקן ארטיקל „די דערפאָלגן פון די אמעריקאנער ארבעטער״ אין דעם נומער 120 — איז אן אומדירעקטער רוף צו ארײַנטרעטן אין פּארטיי, צו פּאריייניקן זיכ ארום דער „פּראַוודא״. אין דעם ארטיקל „אזארט־שפּיל״ אין דעם נום. 134 — קעגן פארכאפּן טעריטאָריע בא אנדערע לענדער, אין דעם ארטיקל „דעם ה. מיליוקאָווס פּאָזיציע״ אין דעם נומער 136 — א רוף צו די ארבעטער צו זעלבסטעטיקייט, צום קאמפ מיט פּריווילעגיעס, צו באזײַטיקן די פארשטענדיקונג מיט די קויכעס פון דאָס אלטע אין געזעלשאפטלעכן לעבן א.א.וו. א.א.וו. איליטשס ארטיקלען אין „פּראַוודא״ האָבן געהאט א גוואלדיקע אָרגאניזירנדיקע באדײַטונג, האָבן עמאָציאָנעל אָנגעשטעקט די מאסן. אין א בריוו אין „פּראַוודא״ פון 26 נאָיאבער איז וולאדימיר איליטש אופגעבראכט, וואָס די „פּראַוודא״ האָט באצײַטנס ניט געדרוקט דעם אָנזאָג דעם פּעטערבורגער דעפּוטאט, ער פאָדערט טייקעף אָפּדרוקן אים און שרײַבט:

> „צי דען קען אן ארבעטער־צײַטונג עקזיסטירן, אויב זי וועט מיט אזא ביטל באציִען זיכ צו דעם, וואָס עס אינטערעסירט די ארבעטער? און ווײַטער: „די צײַטונג דארפ אליינ זוכן, אליינ צו דער צײַט געפינען און באצײַטנס געבן דעם באוווסטן מאטעריאל. די צײַטונג דארפ זוכן און געפינען די פארבינדונגען. וואָס זי באדארפ. און דאָ איז מיטאמאָל דער אָנזאָג דעם פּעטערבורגער דעפּוטאט, וואָס גייט פון די אָנהענגער פון „פּראַוודא״, און אין „פּראַוודא״ ניטאָ״... [1])

נאָכ סטאלינס אָפּפאָר קיינ אויסלאנד זײַנען מיט דער „פּראַוודא״ ווידער געוואָרן קאָלערליי ניט נאָרמאלקײַטן. עס איז אפילע שווער געווען קלאָר צו מאכן, וואָס איז די זאכ פון דעם, נאָר בא איליטשן האָט זיכ געשאפן אן אײַנדרוק, אז די רעדאקציע באציט זיכ צו אויסלאנד „טויב־פײַנטלעכ״. איליטש האָט געהאלטן, אז מע דארפ איבערבויען די רעדאקציע, אוועקזעצן אהין א רעדאקטער מיט א גרויסער פּארטיי־שער דערפארונג, וועלכער זאָל זיכ בלויז מיט דעם טאקע פארנעמען זיכ, און דאָס איז אבסאָלוט ניט קלאָר געווען, ווער פאר וואָס עס איז אין רעדאקציע פאראנטוואָרטלעכ, עס האָט זיכ באקומען א מין אנאָנימקע. דאָס איז געווען אינגאנצן פארשטענדלעכ, אויב מע זאָל נעמען אין אכט יענע ראָלע, וואָס דאָרטן האָט געשפּילט מאלינאָווסקי, וואָס האָט געפלאָנטערט די קאָרטן, און וואָס וועגן זײַן פּראָוואָקאטור

1) פון דער עפּאָכע פון „זוועזדא״ און „פּראַוודא״, העפט III, זײַט 196.

האָט נאָך דעמלט קיינער ניט געוווּסט. אין אָנהייב פעווראַל 1913 יאָר איז געווען אַ באַראַטונג אין קראַקאָוו, ווו עס איז געווען סטאַלין, וואָס מיט אים האָט איליטש צונויפגערעדט זיך וועגן רעאָרגאַניזירן די אָנפירונג מיט דער „פּראַוודאַ“. פאַרן פאַקטישן רעדאַקטער איז געווען אָנגעמערקט צו מאַכן דעם געקומענעם י. מ. סווערדלאָוון. איליטש האָט אַזוי נערווירט צוליב דער „פּראַוודאַ“, דערפאַר וואָס ער האָט איר צוגעגעבן אַ גוואַלדיקע באַדײַטונג. איליטש האָט געשריבן י. מ. סווערדלאָוון פון 8 פעווראַל 1913 י.:

„אָט טאַקע אין „דיען“ (קאָנספּיראַטיווער נאָמען פון „פּראַוודאַ“ — נ. ק.) און אין זײַן אַוועקשטעלונג איז איצט דער טשוועק פון דער לאַגע. ניט דער־שלאָגנדיק זיך קיין רעפאָרם און קיין ריכטיקע אַוועקשטעלונג דאָ, וועלן מיר קומען צו אַ באַנקראָט סײַ צו אַ מאַטעריעלן, סײַ צו אַ פּאָליטישן. „דיען“ איז אַ נייטיקער אָרגאַניזאַציאָנעלער מיטל אויף צונויפשמעלצן און אויפהייבן די באַוועגונג. בלויז דורך דעמדאָזיקן מיטל קען זיין איצט דער נייטיקער צופלוס פון מענטשן און מיטלען אויף דאָס, וואָס איר מערקט אָפּ. די געשעפטן אין פּיטער זײַנען שלעכט מער פון אַלץ איבער דעם, וואָס עס איז שלעכט דער „דיען“, אָדער מיר קענען ניט אָדער די דאָרטיקע קאָלעגיע „רעדאַקטערס“ שטערט אויסצונוצן דעם „דיען“. און ווײַטער: „ווידער און ווידעראַמאָל און דער טשוועק פון דער גאַנצער סיטואַציע אינעם „דיען“. דאָ קען מען זיגן און דאַן (נאָר דאַן) אַוועקשטעלן אויך די אָרטיקע אַרבעט. אַניט וועט אַלץ דורכפאַלן“ [1]).

פון דעמדאָזיקן בריוו איז צו זען, סאַראַ גוואַלדיקן ספּעציפישן געוויכט איליטש האָט אין יענער צײַט צוגעגעבן דער „פּראַוודאַ“. סווערדלאָוו האָט זיך גענומען אין־גאַנצן פאַר רעדאַקטירן די „פּראַוודאַ“. אויף דער פעווראַלער באַראַטונג האָט זיך איליטש דערעדט מיט סטאַלינען דעטאַל וועגן אַ רעאָרגאַניזאַציע אין „פּראַוודאַ“. אומקערנדיק זיך קיין רוסלאַנד, האָט סטאַלין אָנגעהויבן דורכצופירן אַ רעאָרגאַניזאַציע. אָבער דעם 10־טן פעווראַל לויטן אַלטן סטיל איז אויף דער קוואַרטיר פונעם דומע־דעפּוטאַט כ׳ פּעטראָווסקי אַרעסטירט געוואָרן י. מ. סווערדלאָוו און אַזוי אַרום איז פאַרשווערט געוואָרן דער גאַנצער פּלאַן פון רעאָרגאַניזאַציע, און מיט 12 טעג שפּע־טער — דעם 22־טן פעווראַל — איז אַרעסטירט געוואָרן אויך סטאַלין. דאָך האָט די שטײַגנ־דיקע כוואַליע פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אויסגעגלײַכט די „פּראַוודאַ“, זי האָט געערדט מיטן פולן מויל. אין יול האָט מען די „פּראַוודאַ“ פאַרמאַכט, עס האָט אָנגעהויבן אַרויסגיין „די ראַבאָטשאַיאַ פּראַוודאַ“. נאָכדעם האָט פאַרטראַטן איר אָרט די „סעווערנאַיאַ פּראַוודאַ“, נאָכדעם האָט אָנגעהויבן דערשײַנען „פּראַוודאַ טרודאַ“, נאָכדעם „זאַ פּראַוודו“, נאָכדעם „פּראָלעטאַרסקאַיאַ פּראַוודאַ“, „פּוט פּראַוודי“, „טרודאָוואַיאַ פּראַוודאַ“ ביז וואַנען זי איז אין 14־טן יאָר ערעוו דעם צעצעם דערקלערן די מילכאָמע ענדגילטיק ניט צעגראָמירט געוואָרן. די „פּראַוודאַ“ איז געווען אַרומגערינגלט מיט אַ גאַנצן רונג פּראָוואָקאַטערס. צו דער „פּראַוודאַ“ איז

---

1) פון דער עפּאָכע „זוועזדאַ“ און „פּראַוודאַ“, העפט III, זײַט 196.

נאָענט געשטאַנען דער מאָסקווער דעפוטאַט מאַלינאָווסקי — א פּראָוואָקאַטער, וואָס איז געווען בעפּיירעש אין קורס פון אַלע איניאָנים. אלס סעקרעטאר איז געוואָרן א צווייטער פּראָוואָקאַטער — טשערנאָמאַזאָוו. דער ארויסגעבער פון „ראבאָטשאיא פּראַוודא" איז אויך געווען א פּראָוואָקאַטער — שורקאַנאָוו. אָבער ניט געקוקט אפן דאָזיקן רינג, האָט די „פּראַוודא" איר זאַך געטאָן, האָט אָרגאַניזירט די ארבעטער־מאַסן, האָט געוועקט זייער געדאַנק, האָט אָנגעצונדן זייער ענערגיע. אגעוו, האָט נאָך דאַן, אין אַפּרעל 1913־טן יאָר, אין א בריוו אין „פּראַוודא", איליטש געשריבן וועגן סאָצגעוועט.

> מע דאַרף פּאָשעט אין די זאַוואָדן פירן א קאַמף פאַר דער „פּראַוודא" — האָט ער געשריבן, — פּאָדערנדיק, מע זאָל אויסשרײַבן מער, מע זאָל אויסקעמפן יעטווידער זאַוואָד באַם „לוטש" (א מענשעוויסטישע צײַטונג, — נ. ק.), עס זאָל זײַן א פאַרמעסטונג (קורסיוו מײַנער — נ. ק.) צווישן די זאַוואָדן ארום דער צאָל אַבאָנענטן אף דער „פּראַוודא". דער זיג פון פּאַרטיייִשקײַט איז דער זיג פון „פּראַוודא" און פאַרקערט. מע דאַרף אופהייבן אזא קאַמפּאַניע. דערפירן די פּראַוודא" פון 30 טויזנט ביז 60 — 50 טויזנט און די צאָל אַבאָנענטן פון 5 טויזנט ביז 20 טויזנט און גיין אין דערדאָזיקער ריכטונג אום־אָפּנייגבאַר, דאַן וועלן מיר פאַרשפּרייטן און פאַרבעסערן די (פּראַוודא" [1]).

איך געדענק וויאַזוי עס האָט זיך אינטערעסירט וולאַדימיר איליטש מיטן אקטיוון אָנטייל פון די ארבעטער אין אונטערשטיצן די „פּראַוודא". איינמאָל האָט ער געפאָדערט פון רעדאַקציע ,פּראַוודא" דעם צעטל פון אַלע אַבאָנענטן, און איך האָב פיל אָוונטן געפּאַטערט אף קלאָר מאַכן די סאָציאַלע געאָגראַפיע פון די אַבאָנענטן, ווו, אף וועלכע זאַוואָדן, אין וועלכע שטעט און ארבעטער־יִישוּוים איז פאַראַן די גרעסטע צאָל אַבאָנענטן. עס האָט זיך באַקומען אַן אינטערעסאַנט בילד, איך האָב באַארבעט דעמדאָזיקן מאַטעריאַל לויט וולאַדימיר איליטשס אָנווײַזונגען און האָב אוועקגעשיקט אין „פּראַוודא", אָבער דעם ארטיקל האָט אפּאָנעם טשערנאָמאַזאָוו אוועקגעשיקט אין קאָרב און ער האָט די שײַן ניט דערזען.

5־טער מײַ 1914־טן איז געווען דער צוויי־יאָריקער יובילײַ פון „פּראַוודא". ער איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין „טאָג פון פּרעסע". אויסער דער „פּראַוודא" האָבן דעמדאָזיקן יובילײַ געפּײַערט נאָך 17 אַנדערע פּרעסע־אָרגאַנען. עס זײַנען אונטער־געפירט געוואָרן סאַכאַקלען פון דער צוויייאָריקער אַרבעט. די שלאָג־ארבעט פון „פּראַוודא" האָט באַהעפט ארום איר די ארבעטער־מאַסן. פאַרן צווייטן יאָר עקזי־סטענץ האָט די צײַטונג באַקומען 11.114 ארבעטער־קאָרעספּאָנדענצן; צום טאָג פון יובילײַ איז אין דעם אײַזערנעם פאָנד פון „פּראַוודא" ארײַן 21.584 ,ר., וואָס פון דעם איז 18.584 רוב. אויסשליסלעך פון ארבעטער.

דער צוויי־יאָריקער יובילײַ פון „פּראַוודא" האָט באַוויזן, ווי ריכטיק עס איז געווען יענער וועג, אף וועלכן עס האָט אַזוי באַשטאַנען איליטש, ער האָט באַוויזן וואָס פאַר אַן אויטאָריטעט עס האָט געקראָגן די „פּראַוודא".

---

1) פון דער עפּאָכע פון „זוועזדאַ" און „פּראַוודא", העפט III, זײַט 206.

נאָר עס איז געקומען די מילכאָמע, די „פּראַווּדאַ“ איז צעגראָמירט געוואָרן, אירע מיטארבעטער האָט מען ארעסטירט. באַנייט האָט זי איר ארבעט ערשט נאָך דער פעווראַלער רעוואָליוציע.

צום צען־יאָריקן יובילעי פון „פּראַווּדאַ“ האָט וולאַדימיר איליטש געשריבן:

„דער צעניאָריקער יובילעי פון א טעגלעכער, באָלשעוויסטישער צייטונג, וואָס ווערט ארויסגעגעבן אין רוסלאַנד... בלויז צען יאָר איז פאַריבער פון יענער צייט! אין דורכגעלעבט לויטן אינהאַלט פון קאַמף און באַוועגונג פון דערדאָזיקער צייט א יאָרהונדערט“.

„... דער צען־יאָריקער יובילעי פון דער טעגלעכער לעגאַלער באָלשעוויסטישער „פּראַווּדאַ“ באַווייזט אונדז אָנשוילעך איינעם פון די וועגווייזערס פון דער גרויסער „פאַרשנעלערונג“ פון דער גרעסטער וועלט־רעוואָליוציע. אין די יאָרן 1907—1906 האָט דער צאַריזם צעקלאַפּט די רעוואָליוציע, דוכט זיך, אַף טויט. די באָלשעוויסטישע פּאַרטיי האָט באַוויזן אין עטלעכע יאָר ארום דורכרוקן זיך — אין אַן אַנדער פאָרם, אַף אַן אַנדער אופן — אין דעם סאַמע ציטאַדעל און טעגלעך „לעגאַל“ אָנהייבן די ארבעט פון אופרייסן די פאַרשאָלטענע צאַרישע און פּריצישע זעלבסט־הערשונג פון אינעווייניק. עס איז אדורך נאָך אביסל יאָרן, און די דורכן באָלשעוויזם אָרגאַניזירטע פּראָלעטאַרישע רעוואָליוציע האָט געזיגט.

ווען עס האָט זיך אָרגאַניזירט די אַלטע „איסקראַ“ אין 1900־טן יאָר, האָבן אין דעם באַטייליקט זיך א וואָסער צענדליק רעוואָליוציאָנערן. ווען דער באָלשעוויזם האָט געהאַלטן אין אופקומען, האָבן אין דעם אָנטייל גענומען אַף די אומלעגאַלע צוזאַמענפאָרן פון בריוסעל אין לאָנדאָן אין 1903 יאָר א צענדליק פיר רעוואָליוציאָנערן.

אין די יאָרן 1913—1912, ווען עס איז אופגעקומען די לעגאַלע באָלשעוויסטישע „פּראַוודאַ“, זיינען הינטער איר געשטאַנען צענדליקער און הונדערטער טויזנטער ארבעטער, וואָס האָבן מיט זייערע קאָפּיקענע זאַמלונגען באַזיגט אַף דעם יאָך פון צאַריזם, אי די קאָנקורענץ פון די קליינבירגערלעכע פאַרעטער פון סאָציאַליזם—די מענשעוויקעס.

אין נאָיאַבער 1917־טן י. אַף די וואַלן אין דער אוטשרעדילקע האָבן פאַר די באָלשעוויקעס געשטימט 9 מיליאָן פון 36. און אין דער ווירקלעכקייט, ניט אין דער אָפּשטימונג, נאָר אין קאַמף, איז פאַר די באָלשעוויקעס געווען אין סאָף אָקטיאַבער און אין נאָיאַבער 1917־טן יאָר די מערהייט פונעם פּראָלעטאַריאַט און פונעם באַוווסטזיניקן פויערטום אין דער פּערזאָן פון דער מערהייט דעלעגאַטן פון 2־טן אַלרוסלענדישן סאָוועטן־צוזאַמענפאָר, אין פּערזאָן פון דער מערהייט סאַמע אקטיוון און באַוווסטזיניקן טייל פון ארבעטנדיקן פאָלק, נעמלעך, פון דער דעמאָלטיקער צוועלפמיליאָניקער ארמיי.

אזא איז דאָס קליינע ציפער־בילדל פון דער „פאַרשנעלערונג“ פון דער אַלוועלטלעכער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג פאַר די לעצטע צוואַנציק יאָר. זייער א קליינע, זייער ניט קיין פולע בילדל, וואָס אין אים איז זייער פּראָסט פּאָשעט אויסגעדריקט די געשיכטע פון דעם 150־מיליאָניקן פאָלק“.

> „... די צווישנפעלקערלעכע בורזשואזיע פארבלײַבט נאָך אלץ דערווײַל ניט אינ פארגלײַכ שטארקער, איידער איר קלאסנ־קעגנער. דידאָזיקע בורזשואזיע, וואָס האָט געטאָנ אלץ, וואָס פונ איר איז אָפּהענגיק, קעדיי פארשווערנ דאָס געבורט, קעדיי פארצענפּאכנ די געפארנ אונ די געבורט־ווייענ פונ דער פּראָלעטארישער מאכט אינ רוסלאנד, איז נאָך אימשטאנד צו פארמישפּעטנ אפ פּײַנ אונ אפ טויט מיליאָנענ אונ צענדליקער מיליאָנענ מענטשנ דורכ ווײַסגווארדייִשע אונ אימפּעריאַליסטישע מילכאָמעס א. א. ו. דאָס טאָרנ מיר ניט פארגעסנ. מיט דערדאָזיקער באזונדערקײַט פונ דער איצטיקער זאכלאגע דארפנ מיר באהאוונט אופּפּאסנ אונדזער טאקטיק. מוטשענ, פּײַניקנ, הארגענענ קענ די בורזשואזיע דערווײַל פרײַ. אָבער אָפּשטעלנ די אומפארמײַדלעכע אונ—פונ דעם אַלוועלטלעכנ היסטאָרישנ שטאנדפּונקט—דעם גאָר נאָענטנ פולשטענדיקנ זיג פונעם רעוואָליוציאָנערנ פּראָלעטאריאט קענ זי ניט"[1].

אינ הײַנטיקנ 32־טנ יאָר, 5־טנ מײַ (22־טע אפּרעל אלט. סטיל) פּײַערנ מיר די 20־יאָריקע עקזיסטענצ פונ „פּראוודא", לאָמיר איר ווינטשנ דערפאָלג אינ דערדאָזיקער ארבעט, לאָמיר איר ווינטשנ, אז זי זאָל ווי ווײַט מעגלעכ טיפער אונ פולער פאנאנדערוויקלענ איליטשס אײַנשטעלונגענ. לאָמיר העלפנ אונדזער גאנצע פּרעסע, די פארטייִשע פּרעסע, אומדערמידלעכ אופהייבנ זיכ אפ יענער הייכ, אפ וועלכער עס האָט זי געוואָלט אופהייבנ לענינ.




---

1) לענינישער זאמלבוכ, הקטט III, זײַט 223.

# אינהאלט.

זײַט

ЦАНА 15 кап. פרײַז 15 קאָפּ







НА ЯЎРЭЙСКАЙ МОВЕ

Н. Крупская

Ленін—рэдактар
і арганізатар
партыйнага друку

Дзяржаўнае Выдавецтва
Беларусі

Менск—1932

НА ЕВРЕЙСКОМ ЯЗЫКЕ

Н. Крупская

Ленин—редактор
и организатор
партийной печати

Государственное Издательство
Белоруссии

Минск—1932